## Gerechtigkeit (Vol. 20, Iss. 8)

### Keywords

International Ladies' Garment Workers' Union, ILGWU, Gerechtigkeit, labor unions, clothing workers, textile workers, garment workers, garment industry, New York, United States, Yiddish, Jewish

### Comments

*Justice* was the official publication of the International Ladies' Garment Workers' Union ILGWU from 1919 to 1995. Editions of *Justice* were published in English, Italian, Spanish, and Yiddish. When compared side by side, the content of some of these different editions of *Justice* shows significant differences. *Gerechtigkeit* was the Yiddish-language edition of *Justice*.

WITH SPECIAL ENGLISH SUPPLEMENT

GERECHTIGKEIT (*Justice*)

# גערעכטיגקייט

Vol. XX No. 8 | Jersey City, N. J., August, 1938 | Price: 10 Cents

## אמעריקאנער ריכטער אין דעם קאמף צווישען קאפיטאל און ארבייט

עס שיינט אונז, אז פרעזידענט רוזוועלט איז געווען א ביסעל צו אפּטימיסטיש, ווען ער האט אין זיין לעצטען שמועס איבער דער ראדיא אויסגעדריקט זיין צופרידענהייט, וואס דאס ריכטערטום אין אמעריקא איז ענדליך געקומען נעהנטער צו דעם גייסט פון דעם „ניו דיעל" און האט זיך אנגעפאנגען אנדערש באציהען צו די סאציאלע און עקאנאמישע פראבלעמען פון לאנד. ער האט באלד געהאט די געלעגנהייט צו זעהן, אז ער האט געמאכט א טעות. דריי ריכטער האבען עס אים געוויזען — צוויי אין אונזער ניו יארק און א דריטער אין דעם לאנד פון פרענק העיג, ניו דזשוירזי.

איינער פון די צוויי ריכטער אין ניו יארק, וועלכער איז אויך געווען דער ערשטער צו וויזען רוזוועלט'ען זיין טעות, איז, ליידער, אונזערער א שטיקעל קרוב — דאס איז סאלוואטארע קאטילא, וועמען די לייבאר פארטיי האט אינדארסירט אין די לעצטע וואהלען און איהם געהאלפען ערוועהלען. ער האט ארויסגעגעבען אן אינדזשאנקשאן געגען פיקעטען די סטארס פון דער באקאנטער דזשועלרי פירמע בוש, געגען וועלכער די ארבייטער האבען ערקלערט א סטרייק. מיר האבען שוין לאנג ניט געהערט פון אינדזשאנקשאנס געגען סטרייק־פיקעטס ביי אונז אין ניו יארק. מיר האבען געמיינט, אז די פעדעראלע געזעצען און די סטייט־געזעצען, וואס זיינען געשאפען געווארען אונטער דעם „ניו דיל" וועגען דעם קאמף צווישען קאפיטאל און ארבייט, האבען גענוג באשרענקט די מאכט פון ריכטער, אז זיי זאלען ניט קענען ארויסגעבען אזעלכע אינדזשאנקשאנס געגען פיקעטען, ווי קאטילא האט עס ארויסגעגעבען אין דעם בוש סטרייק.

נאך קאטילא'ן איז געקומען א צווייטער ניו יארקער ריכטער ארען סטויער, וואס האט פרובירט אריבערטראגען זיין קאלעגע אין דעם בוש סטרייק. ער האט נעמליך אנערקענט דאס רעכט פון דער בוש קאמפאניע צו מאנען שאדען ביי א יוניאן, וואס איז ארויס אין א סימפאטיע סטרייק צו העלפען אירע סטרייקענדע ארבייטער, און ער האט באשטימט א רעפערי אפצושאצען ווי גרויס עס איז דער שאדען, וואס די קאמפאניע האט געליטען פון דעם סימפאטיע סטרייק. אזוינס האבען מיר אין ניו יארק שוין לאנג ניט געהערט, אפילו ניט פאר'ן „ניו דיעל".

נאר וויס־טשענסעלאר מאדזשא לאן בערי פון טאם ריווער, ניו דזשוירזי, האט אריבערגעיאגט בײדע ריכטער פון ניו יארק. ער האט ארויסגעגעבען אן אינדזשאנקשאן געגען דער מעבעל ארבייטער יוניאן, וואס פארבאט איר צו פארשפרייטען ליפלעטס און ארויסשטעלען פלאקאטען געגען א מעבעל פירמע אין נוארק, וואס האט זיך אפגעזאגט אונטערצושרייבען א קאנטראקט מיט דער יוניאן פאר א קלאוזד שאפ. אבער דערמיט אליין וואלט ער ניט פארדינט די בכורה אין דעם נייעם ריכטער־קאמף געגען ארגאניזירטער ארבייט. דעם לארבער קראנץ אין דעם קאמף האט ריכטער בערי פארדינט מיט זיין ערקלערונג, וואס ער האט צוגעגעבען צו זיין אינדזשאנקשאן.

קאטילא און סטויער האבען קיין נייעס ניט אויפגעטאן. אן אינדזשאנקשאן געגען פיקעטען איז אן אלטע זאך. נישט מער, אין די לעצטע יארען זיינען די אינדזשאנקשאנס געווארען זעלטענער. ערשטענס האט דאס געזעץ לעצטענס באשרענקט ביז צו א גרויסער מאס די מאכט פון ריכטער ארויסצוגעבען אינדזשאנקשאנס אין דעם קאמף צווישען קאפיטאל און ארבייט; צווייטענס האבען די ריכטער אליין זיך א רעכט ביסעל געביטען אין די לעצטע יארען. און סטויערס אנטשיידונג, וואס אנערקענט דאס רעכט פון א קאמפאניע צו פאדערען שאדענערזאץ פון א יוניאן, איז אויך קיין נייעס ניט. ווער געדענקט ניט דעם בארימטען פראצעס געגען דער העטערס יוניאן אין דענבורי? נישט מער, עס האט זיך געדוכט, אז דאס איז עפעס, וואס באלאנגט צו דער גאנץ לאנגער פארגאנגענהייט אין אמעריקא און אז איצט איז אזוינס ניט מעגליך. ריכטער בערי אבער האט אין זיין אינדזשאנקשאן זיך פארנומען פעסטצושטעלען די גרונד־פרינציפען פון דער אמעריקאנער קאנסטיטוציע און פון די רעכטען און פרייהייטען פון אמעריקאנער פאלק.

ריכטער בערי ערקלערט אונז אין זיין אנטשיידונג וועגען דעם אינדזשאנקשאן, וואס ער האט ארויסגעגעבען, אז עס איז פאראן א גרויסער אונטערשייד צווישען דאס רעכט אויף אייגענטום, וואס די קאנסטיטוציע פון אמעריקא גאראנטירט, און דאס רעכט אויף פרייע רעדע און פרייע פרעסע, וואס זי גאראנטירט. דאס רעכט אויף אייגענטום איז פונדאמענטאל, וואס קען ניט אפגעשאפט ווערען. עס איז א רעכט, וואס ווערט מיטגעבארען מיט'ן מענשען. דאס רעכט אבער אויף פרייע רעדע און פרייע פרעסע איז בלויז א פריווילעגיע און זי איז דעריבער אזוי לאנג גילטיג, ווי לאנג זי קומט ניט אין א קאנפליקט מיט דעם הייליגען רעכט פון אייגענטום. עס הייסט איינפאך, אז ווען פרייע רעדע און פרייע פרעסע קומען אין א ווידערשפרוך מיט דעם הייליגען רעכט פון אייגענטום מוז פרייע רעדע און פרייע פרעסע אונטערדריקט ווערען. און אט אויף דעם גרונד האט ריכטער בערי פארבאטען דער יוניאן צו פארשפרייטען ליפלעטס און צו טראגען פלאקאטען געגען דער מעבעל פירמע פון נוארק. פרייע פרעסע איז דא נעמליך געקומען צו א קאנפליקט מיט פריוואט אייגענטום און די ערשטע מוז דעריבער אונטערדריקט ווערען צו גונסטען פון דער צווייטער.

ריכטער בערי האט אויף אזא אופן דעם ענין געמאכט גאנץ איינפאך, אויב זיין אנטשיידונג זאל נאר בלייבען. ארבייטער וועלען ניט טארען ריידען געגען דער פירמע געגען וועלכער זיי סטרייקען, וועלען ניט טארען פארשפרייטען קיין סטרייק ליפלעטס, ניט טראגען קיין פלאקאטען וועגען דעם סטרייק און אויך ניט שרייבען אין די צייטונגען וועגען אים.

נאר ריכטער בערי'ס ערקלערונג פון דער אמעריקאנער קאנסטיטוציע האט איין גרויסע מעלה: זי איז אזוי ווילד רעאקציאנער, אז אפילו קאנסערוואטיווע צייטונגען זיינען גאנץ שארף ארויסגעטראטען געגען איר.

אין דער ווירקליכקייט האבען די קאנסערוואטיווע צייטונגען געדארפט זיין פרינציפיעל איינשטימיג מיט ריכטער בערי'ס ערקלערונג וועגען די קאנסטיטוציאנעלע רעכטען און פרייהייטען פון די אמעריקאנער בירגער. אייגענטליך האט ריכטער בערי אין זיין ערקלערונג ארויסגעזאגט דעם איינפאכען פרינציפ, וואס איז גאנץ פארשפרייט צווישען די קאנסערוואטיווע און קאפיטאליסטישע קרייזען פון אמעריקא, אז אייגענטום־רעכט שטעהט העכער ווי מענשען רעכט. נאר דער טראבעל מיט ריכטער בערי איז, וואס ער האט אין זיין ערקלערונג דעם פרינציפ ארויסגעשטעלט צו נאקעט, צו ברוטאל.

מיר האפען, אז די ווילד רעאקציאנערע ערקלערונג פון ריכטער בערי וועגען די רעכטען און פרייהייטען, וואס די אמעריקאנער קאנסטיטוציע גאראנטירט, וועט גאנץ גיך אפגעווישט ווערען, אבער ניט וועגען דעם האנדעלט זיך. דער פאקט, וואס אזא ערקלערונג קען געמאכט ווערען אין דער איצטיגער צייט, זאגט אונז, אז מען דארף ווייט ניט זיין אזוי אפּטימיסטיש וועגען דעם פראגרעס פון אמעריקאנער געריכט. מיר האבען אין א קורצער צייט געהאט דריי אנטשיידונגען פון דריי פארשיידענע ריכטער אין א שטרייט צווישען קאפיטאל און ארבייט און אלע דריי זיינען געווען העכסט רעאקציאנער. דאס באווייזט אונז, אז דאס ריכטערטום אין אמעריקא איז נאך גאנץ ווייניג אנגערירט געווארען פון די רעפארמען, וואס זיינען דורכגעפירט געווארען די לעצטע יארען אין לאנד.

אגב דארף עס אויך זיין א גוטע לערע פאר דער לייבאר פארטיי, אז זי זאל ווייטער זיין פארזיכטיגער אין אינדארסירען קאנדידאטען פון אנדערע פארטייען. ריכטער קאטילא'ס אינדזשאנקשאן דארף זיין א גוטע ווארנונג פאר דער לייבאר פארטיי, אז זי זאל ווייטער זיין פארזיכטיגער. די לייבאר פארטיי האט געהאט אונאנגענעמע ערפארונגען אויך מיט אנדערע קאנדידאטען, וואס זי האט אינדארסירט. גענוג צו דערמאנען די דעלעגאטען צו דער קאנסטיטוציאנעלער קאנווענשאן. אבער דאס איז א באזונדער קאפיטעל.

***

## גוטע האפנונגען פאר קלאוקמאכער

אויב גוטע האפנונגען זיינען עפעס ווערט, דאן קענען מיר די קלאוקמאכער דערצעהלען, אז די קלאוק־מאנופעקטשורערס גיבען גוטע האפנונגען, אז עס קומען בעסערע צייטען פאר דעם קלאוק־טרייד. די האפנונגען באגרינדען זיך אויף דעם, וואס די נאכפראגע אויף קלאוקס איבער'ן לאנד ווערט גרעסער און די ארדערס, וואס קומען אריין פון לאנד צו די ניו יארקער קלאוק־מאנופעקטשורערס, וואקסען אין צאל. דערצו פארזיכערען די קלאוקמאנופעקטשורערס, אז ביזנעס ווערט אין אלגעמיין בעסער אין לאנד און ממילא מוז אויך ווערען בעסער אין די קלאוק ביזנעס. די קלאוק־מאנופעקטשורערס באגרינדען זייערע גוטע האפנונגען אויך אויף דעם, וואס דער פארקויף פון „ריקאווערי לעיבעל" האט זיך אין די לעצטע טעג גאנץ באדייטענד פארגרעסערט.

נו, דאס זיינען געוויס גוטע סימנים. אבער די קלאוקמאכער זאגען, אז אין דער איצטיגער צייט האט שוין געדארפט זיין א סך מער ארבייט אין די שעפער און עס איז דעריבער ניט אזוי לייכט זיי אריינצוברענגען אין אן אפּטימיסטישער שטימונג.

די קלאוק־מאנופעקטשורערס לייגען אויך פיל געוויכט אויף דעם, וואס די רעגירונג וועט אפקויפען ביי זיי פאר דריי מיליאן דאלאר קלאוקס, וואס איז ביי זיי איבערגעבליבען פון די פריהערדיגע סעזאנען און וועט עס צוטיילען צווישען דער ארימער באפעלקערונג וואס קען קיין קלאוקס ניט קויפען. די קלאוק־מאנופעקטשורערס וועלען זיך אויף אזא אופן באפרייען פון דעם סטאק, וואס האט זיך ביי זיי אנגעקליבען, און די ריטיילערס וועלען וויסען, אז זיי האבען מער ניט צו ווארטען אויף מציאות און וועלען אנפאנגען אריינשיקען זייערע באשטעלונגען און ממילא וועט עס ווערען מער ארבייט אין די שעפער.

נאר אויך דאס מאכט ניט די קלאוקמאכער מער אפּטימיטיש. זיי זאגען, אז די מאנופעקטשורערס וועלען טאקע געהאלפען ווערען, ווען די רעגירונג וועט אפּקויפען זייער איבערגעבליבענעם סטאק, אבער די קלאוקמאכער וועלען דערפון גאנץ ווייניג געהאלפען ווערען. עס איז איינפאך צוליב דעם, וואס די קלאוק־מאנופעקטשורערס האבען אין די לעצטע פאר יאר זיך שטארק געהיט אנצוזאמלען א גרויסען סטאק. זיי האבען געלאזען ארבייטען אין זייערע שעפער, ווי מען קען זאגען, פון האנד אין מויל. און דאס וואס ביי זיי האט זיך אנגעזאמעלט איז פון דעם סארט סחורה, וואס קען האבען א גאנץ קליינעם איינפלוס אויף דעם קלאוק־מארקעט.

נאר עס איז ניט קיין מעלה צו זיין צופיל פעסי-

# אינטערנעשאנאל טויטען־בענעפיט פאנד גייט אריין אין קראפט דעם ערשטען יולי

אין אנקלאנג מיט'ן באשלוס פון דער אינטערנעשאנעל קאנווענשאן לעצטען יאר, האט דער דזשענעראל אפיס פון דער יוניאן ארויסגעשיקט א צושריפט צו אלע אנגעשלאסענע לאקאלס, מעלדענדיג זיי, אז דער טויטען־בענעפיט פאנד פון דער אינטערנעשאנעל הויבט אן פונקציאנירען דעם ערשטען יולי.

פון דעם דאטום אן, וועט די אינטערנעשאנעל אנהויבען אויסצאלען א סומע פון 150 דאלער צו די יורשים פון פארשטארבענע מיטגלידער פון דער יוניאן. בענעפיט וועט געצאלט ווערען צו די יורשים פון יעדען מיטגליד וואס איז געווען א מעמבער פון דער יוניאן וועניגסטענס צוויי יאר אידער ער אדער זי איז געשטארבען און זיינען געווען גוטשטייענד אין דער יוניאן, דאס הייסט זיינען שולדיג געווען ניט מער ווי דרייצען וואכען דיוס און זיינען ניט שולדיג געבליבען דער יוניאן קיין אסעסמענטס אדער פיינס.

לויט די רעגולאציעס וואס זיינען אנגענומען געווארען פון דער גענעראל עקזעקוטיוו באארד וועלכע פארוואלטעט מיט דעם פאנד, וועט דער בענעפיט אויסגעצאלט ווערען צו די פאלגענדע פערזאנען לויט דער פאלגענדער ארדנונג פון פארצוג:

1) צו דער פרוי אדער מאן פון פארשטארבענעם מיטגליד.
2) צו די קינדער.
3) צום פאטער פון פארשטארבענעם.
4) צו דער מוטער.
5) צו דער שוועסטער אדער ברידער.

אויב עס זיינען דא מער ווי איין קינד אדער מער ווי איין שוועסטער אדער ברודער וועט די געלט אויסגעצאלט ווערען צו דעם וועלכער האט געדעקט די לויה אויסגאבען.

יעדער מיטגליד וואס איז צופרידען מיט דער אראנדזשמענט פון די צאלונגען דארף ניט באשטימען דעם וואס זאל קריגען די געלט. יעדער מיטגליד קען אבער באשטימען וועמען ער וויל אלס דעם יורש פון זיין בענעפיט. אויב דער מיטגליד וויל באשטימען אן אנדער פערזאן אלס בענעפישערי דארף ער זיך ווענדען צו זיין לאקאל יוניאן און אויספילען א באשטימטען בלענק וועגען דעם און דאס אונטערשרייבען. דער לאקאל וועט דעם בלענק איבערשיקען צום סעקרעטערי טרעזשורער פון דער אינטערנעשאנעל. איבערבייטען דעם בענעפישערי קען א מיטגליד צו יעדער צייט פאר זיין טויט. דאס געלט וועט אויסגעצאלט ווערען צו דער פערזאן פאר וועמען דאס איז באשטימט געווארען פון דעם מיטגליד אין דעם לעצטען צושריפט וואס עס וועט זיך געפינען אין פייל פון סעקרעטאר טרעזשורער פון דער אינטערנעשאנעל אין דער צייט וואס די געלט דארף אויסגעצאלט ווערען.

ווען א מיטגליד שטארבט, דארף דער יורש אויספילען און אריינגעבען אן אפליקאציע פאר די אינשורענס געלט צום סעקרעטאר פון לאקאל וואו דער פארשטארבענער איז געווען א מיטגליד. ער וועט אויך דארפען אריינגעבען דעם לעצטען יוניאן בוך פון דעם פארשטארבענעם און א טויטען סערטיפיקאט אדער אנדערע באווייזע אז דער באטרעפענדער מיטגליד איז געשטארבען. דער קלעים פאר די אינשורענס געלט מוז אריינגעגעבען ווערען ניט שפעטער ווי 90 טעג נאך זיין טויט.

---

## יוניטי הויז מאכט גרויסע פארבארייטונגען פאר דעם וויק־ענד פון 4טען יולי

דער 4טער יולי פאלט היי־יאר אויס מאנטאג. דאס וועט דעם עולם געבען א מעגליכקייט צו נעמען א קורצען וואקיישאן פון קארגע פיר טעג. די יוניטי הויז, די פראכטפולע זומער־היים פון אונזער אינטערנעשאנאל, מאכט דעריבער באזונדערס גרויסע צוגרייטונגען צו געבען די מיטגלידער וואס קומען ארויס א באזונדערס גוטע געלעגענהייט צו האבען אן אמת פרעהליכען יום־טוב.

ווי דער מענעדזשער עלנער פון דער יוניטי הויז גיט איבער, וועלען די שפייזען, באקוועמליכקייטען און פארוויילונגען איבערטרעפען אלעס וואס עס איז ווען געווען אין יוניטי הויז. חוץ דעם איז צוגעגרייט געווארען פארשטעלונגען, קאנצערטען, מאוויס און אפערא פאר די דריי טעג. א טייל פון דער פראגראם איז ווי פאלגט:

פרייטאג אווענד א רייכער קאנצערט, אין וועלכען עס וועלען זיך באטייליגען דער ארקעסטער אונטער דער דירעקציע פון אלעקסאנדער אלשאנעצקי אין א פראגראם פון קלאסישע מוזיק; ראבערט ווערע, באריטאן פון דער מעטראפאליטען אפערא; שבת אווענד וועט געגעבען ווערען די אפערא „פאגליאטשי" מיט בארימטע זינגער און ארטיסטען פון דער שיקאגא אפערא און לא סקאלא קאמפאניס, אין וועלכע עס נעמען אנטייל ראבערט ווערע, יאזעפא טשעכאווא, סאפראנא; ראלף הערלד, טענאר; און דזשאהן מעדע מיט א כאר פון 16 שטימען. זונטאג אווענד וועט אויפגעפירט ווערען א קאמעדיע מיט פראמינענטע אקטיארען און מאנטאג אווענד וועט געוויזען ווערען די מאווי „עמיל זאלא" מיט פאול מוני אין דער הויפט ראליע.

לויט דער טיילווייזער פראגראם קען מען זיך שוין פארשטעלען וואס פאר א פארגעניגענס עס ערווארטעט די, וואס וועלען זיין אין יוניטי הויז דעם וויק־ענד.

## ה. ליליפוט־קרעטשמער

אין עלטער פון 55 יאר איז דעם 11טען יוני געשטארבען דער באקאנטער אידישער שרייבער און ארבייטער־טוער ה. ליליפוט־קרעטשמער.

אין רעוואלוציאנערען שטורם־ און דראנג־פעריאד אין צארישען רוסלאנד איז ער געווען זעהר א טעטיגער טוער אין דער בונדישער באוועגונג, וועלכער ער האט אפגעגעבען זעהר א סך פון זיין יוגענטליכער ענערגיע.

קומענדיג קיין אמעריקע איז ער געווארען זעהר אקטיוו אין דער סאציאליסטישער ארבייטער־באוועגונג, וועלכער ער האט געדינט מיטווארט, שריפט און טאט.

ה. ליליפוט־קרעטשמער איז געווען דער ערשטער רעדאקטאר פון דער קלאוקמאכער צייטונג „נייע פאסט".

ביז צו די לעצטע טעג פון זיין לעבען איז ער געבליבען אין די רייען פון דער אידישער ארבייטער און סאציאליסטישער באוועגונג אלס מיטארבייטער פון „פארווערטס", אלס אקטיווער טוער אין ארבייטער־רינג, אין סאציאליסטישען פארבאנד א. א. וו. ער איז אויך געווען דירעקט פארבונדען מיט דער אידישער טרייד־יוניאן באוועגונג אלס מיטגליד פון דער עקזעקוטיווע פון די געווערקשאפטען.

ערע זיין אנדענק!

## „געשעהענישען און געשטאלטען"

אין „פארבאנד רינג"־פארלאג איז נאר־וואס דערשינען א בוך פון דעם דיכטער קלמן הייזלער, אונטער'ן נאמען „געשעהענישען און געשטאלטען". אין דעם בוך גייען אריין דריי דראמאטישע ארבייטען, ווי: „דעם רבינס יארצייט", „וואו דער לאבע" און די „פארשאלטענע ברונע".

ארויסגעגעבען איז דאס בוך מיט דער מיטהילף פון דרעסמאכער ברענטש 122 ארבייטער רינג און דרעסמאכער צווייג 22 א. נ. א. פ. און אויך די באאמטע פון לאקאל 22 דרעסמאכער יוניאן.

דאס בוך איז זעהר שעהן ארויסגעגעבען און קאסט בלויז 1 דאלאר. איר קענט דאס בוך באקומען אין 218 וועסט 40טע סטריט, אין פיליפ קאפ'ס אפיס.

## פאר מיטגלידער פון לאקאל 117

צו דעם עקסקורשאן וואס דער לאקאל האט אראנזשירט אויף שבת, דעם 30טען אויגוסט, קיין ראטאן פאינט, אויף דער מאדערנער שיף „סטייט או דעלעווער", האט יעדער איינער וואס וועט קויפען א טיקעט די מעגליכקייט צו געווינען דעם פרייז פון א וואך פרייע וואקיישאן אין דעם שעהנעם יוניטי הויז פון אונזער אינטערנעשאנעל.

עס וועלען אויך געגעבען ווערען 2 אנדערע פרייזען — א ראדיא און אן עלעקטרישען זייגער.

ביים עקסקורשאן וועט זיין דער פיינער טאנץ ארקעסטער אונטער די אנפירונג פון שולמאן. דער קינדער מאנדאלין ארקעסטער פון אונזער לאקאל וועט אויפטרעטען אין א צאל קלאסישע נומערן.

דער סאקער טים פון אונזער לאקאל צוזאמען מיט דעם פון לאקאל 10, וועלען שפילען אויף דעם פעלד פון ראטאן פאינט.

א זינגער טרופע וועט זינגען אויף דער שיף פאלקס לידער אין פארשידענע שפראכען.

מיט איין ווארט, דעם גאנצען טאג, פון 9:30 פר., ווען די שיף וועט אפגעהן, ביז ארום 11 אווענט, ווען די שיף וועט צוריקקומען, וועלען די אנוועזענדע ניט לאנגווייליגען זיך און וועלען אביסעל פארגעסען אין זייערע טאג־טעגליכע זארגען.

די טיקעטס ווערען פארקויפט צו קאסט פרייזען — 75 סענט פאר ערוואקסענע און 40 סענט פאר קינדער ביז 12 יאר. דעם טאג פון עקסקורשאן וועלען די פרייזען זיין $1.25 און 75 סענט.

טיקעטס ווערען שוין פארקויפט אין לאקאל אפיס, 242 וועסט 36טע סטריט און אין אלע דיסטריקט אפיסעס פון דזשאינט באארד פון ניו יארק און ברוקלין.

אויב איר ווילט ניט אויסען בלייבען, גייט ושע גלייך און קויפט טיקעטס פאר זיך און אייער פאמיליע.

עדיוקיישאנעל קאמיטע, לאק. 117 א. ל. ג. וו. י.
מ. פיינבערג, טשערמאן.
י. סטענזאר, סעקרעטאר.

## פרעזידענט דובינסקי שוין ארויס פון האספיטאל.

עס פרעהט אונז צו מעלדען אונזערע מיטגלידער אז פרעזידענט דובינסקי איז שוין ארויס פון האספיטאל וואו ער איז געווען צוויי וואכען צייט, דורכמאכענדיג א מינדער וויכטיגע אפעראציע, דעם 14טען יוני און וועט אין גיכען ווידער זיין ביי זיין וויכטיגער ארבייט.

פאר אלעמען אין דער אינטערנעשאנעל און פאר די טויזענדער פריינד און פארעהרער פון פרעזידענט דובינסקי, איז זיין קראנקהייט געווען א פאלשטענדיגע איבערראשונג, ווייל ער איז אלע מאל געווען אין בעסטען געזונט. דובינסקי וועט נאך ווארשיינליך פארבלייבען א פאר וואכען אין דער היים ביז ער וועט זיך פאלשטענדיג ערהאלען פון דער אפעראציע אידער ער וועט צוריקקומען אין אפיס צו זיין וויכטיגער ארבייט.

GERECHTIGKEIT
A LABOR JOURNAL
Published every month by the
International Ladies' Garment Workers' Union
Office of Publication:
718 Bergen Ave., Jersey City, N. J.
General Office:
3 West 16th St., N. Y. C. Tel. WAtkins 9-6868
DAVID DUBINSKY, President
and General Secretary-Treasurer
DR. B. HOFFMAN, Editor
Subscription price, paid in advance, $1.00 per year.
Vol. XX. No. 7 [illegible] July, 1938
Entered as Second Class Matter, August 7, 1928 at Post Office at Jersey City, N. J., under the Act of August 4, 1912. Accepted for mailing at special rate of postage, provided for in Section 1103, Act of Oct. 3, 1917, authorized on Jan. 25, 1919.

# פון צייט צו צייט

פון צביון



יך ווייס ניט, אויב די אידען פון דער וועלט האָבען פיל דערוואַרט פון דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָנפערענץ אין עוויאַן, פראַנקרייך, צו העלפען די פליכטלינגע פון דייטשלאַנד און עסטרייך. אידען זיינען אין דער איצטיגער צייט גאַרניט אַזוי אָפטימיסטיש געשטימט, אַז זיי זאָלען וואַרטען אויף באַלדיגע ישועות. זיי האָבען גיכער מורא פאַר נייע גזירות און נייע צרות.

געוויס האָבען די אידען פון דייטשלאַנד און עסטרייך אַ סך דערוואַרט פון דער קאָנפערענץ פון עוויאַן. פאַר זיי אין זייער פאַרצווייפעלטער לאַגע איז די קאָנפערענץ אין עוויאַן געווען, קען מען זאָגען, די איינציגע האָפנונג און עס איז געווען ניט מעהר ווי נאַטירליך אַז זיי זאָלען דערוואַרטען פון איהר אַ ישועה. איינער, וואָס טרינקט זיך, כאַפט זיך אפילו פאַר אַ שטרוי מיט דער האָפנונג געראַטעוועט צו ווערען. אָבער די אידען פון דער וועלט, גלויב איך, האָבען קיין גרויסע האָפנונגען אויף דער קאָנפערענץ אין עוויאַן ניט געלעגט. זיי האָבען אַ רעכט ביסעל געלערענט פון דער ביטערער ערפאַרונג אין די לעצטע יאָהרען. זיי ווייסען, אַז אינטערנאַציאָנאַלע קאָנפערענצען, וואָס האָבען געהאַט דעם נאָבעלען צוועק זיך אָנצונעמען אימעצענס קריוודע, האָבען געבראַכט גאַנץ מאָגערע רעזולטאַטען אָדער האָבען אין גאַנצען קיין רעזולטאַטען ניט געבראַכט. און כדי ניט צו זוכען ווייט, איז גענוג זיך צו דערמאָנען די אינטערנאַציאָנאַלע קאָנפערענץ, וואָס איז גערופען געוואָרען אויף פרעזידענט רוזוועלט'ס איניציאַטיווע וועגען דעם רויבערישען אָנפאַל פון יאַפאַן אויף כינא.

אין דער איצטיגער בלוטיגער באַרבאַרישער צייט האַלטען אידען זיך גיכער פאַר דעם אַלטען פעסימיסטישען כלל פון תלמוד, וואָס זאָגט, אַז ווען מען דערצעהלט, אַז דיין פריינד איז געשטאָרבען, גלויב; ווען מען דערצעהלט דיר אָבער, אַז דיין פריינד איז געוואָרען רייך, גלויב ניט.

די אידען פון דייטשלאַנד און פון עסטרייך דאַרפען האָבען לענדער וואו איינצוואַנדערען. דאָס איז די איינציגע זאַך, וואָס זיי זוכען, און דאָס, וואָס די אינטערנאַציאָנאַלע קאָנפערענץ אין עוויאַן האָט זיי געקענט געבען, ווען די פעלקער, וואָס זיינען אין איהר געווען פאַרטראָטען, וואָלטען עס געוואָלט. האָט מען אָבער פאַראויס געוואוסט, אַז זיי ווילען ניט.

איך בין ניט זיכער, אַז אַ ל ע אידען פון דייטשלאַנד און עסטרייך וואָלטען אויסגעוואַנדערט, ווען אפילו זיי וואָלטען געהאַט אַ לאַנד וואו זיך צו באַזעצען. אַ געוויסע צאָל אידען וואָלטען דאָך געבליבען אויף זייערע ערטער. איך זאָג עס צוליב דעם, וואָס דער חשבון, וואָס עס ווערט געמאַכט וועגען דער צאָל אידען פון דייטשלאַנד און עסטרייך וואָס דאַרפען באַזאָרגט ווערען מיט אַ היים, איז אַ ביסעל איבערטריבען. אָבער אָנגענומען, אַז אַ ל ע אידען פון דייטשלאַנד און עסטרייך זיינען גרייט אויסצואַוואַנדערן, ווען זיי זאָלען נאָר האָבען וואוהין צו געהן, וועט זייער צאָל צוזאַמען מיט די ניט־אידישע פאַרפאָלגטע פון די נאַציס, וואָס ווילען אויסוואַנדערען, באַטרעפען ארום דריי פערטעל מיליאָן. דאָס איז אייגענטליך די צאָל, וואָס איז דערמאָנט געוואָרען אויף דער עוויאַנער קאָנפערענץ — אַ צאָל וואָס וואָלט דאַכט זיך גאַנץ לייכט געקענט פאַרטיילט ווערען צווישען די 32 לענדער, וואָס האָבען אָנטייל גענומען אין דער קאָנפערענץ ווען זיי וואָלטען עס נאָר געוואָלט. עס וואָלט זיך זיכער גאַנץ ווייניג אָנגעזעהן ווען אין אונזער גרויסער אַמעריקאַ וואָלטען אריינגעלאָזען געוואָרען אַ פערטעל מיליאָן פון די פאַרפאָלגטע און געפלאָגטע אין נאַצי־דייטשלאַנד. איך שטעל זיך פאָר, אַז ווען עס וואָלט געקענט פאַסירען, אַז עפעס אין אַ מיטען פינסטערער רעגענדיגער נאַכט זאָל מען קענען שטילערהייט אריינברייננגען אין אַמעריקאַ אַ פערטעל מיליאָן פון די דערמאָנטע פליכטלינגע און זיי פאַרטיילען איבער'ן גאַנצען לאַנד, וואָלט אפילו קיינער עס ניט געפילט. און אַזוי וואָלט פראָפאָרציאָנעל געווען מיט די אַנדערע לענדער. די עקאָנאָמישע לאַגע אין די 32 לענדער וואָלט זיך ניט אויף דאָס מינדעסטע געענדערט צום ערגערען, ווען זיי וואָלטען צווישען זיך פאַרטיילט די דריי פערטעל מיליאָן פאַרפאָלגטע אידען און קריסטען. אָבער די לענדער פון דער וועלט ליידען פון אַן אימיגראַנטען שרעק. און מער ווי אַלע ליידען פון אָט דער שרעק די לענדער, וואָס זיינען אויפגעבויט געוואָרען און גרויס געמאַכט געוואָרען פון אימיגראַנטען.

אָבער ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס די עוויאַנער קאָנפערענץ האָט ניט געבראַכט קיין באַלדיגע רעאַלע רעזולטאַטען פאַר די געיאָגטע און פאַרפאָלגטע, האָט זי אָבער דאָך געהאַט אַ געוויסען דעמאָנסטראַטיווען און מאָראַלישען ווערט.

עס איז אמת, אַז מען האָט אויף דער קאָנפערענץ ניט פאַרדאַמט היטלער'ן מיט זיין נאַצי־רעזשים, אָבער דאָס האָט קיינער דאָך ניט דערוואַרט. אַלע ווייסען, אַז עס איז פאַראַן אַזוינס, וואָס מען רופט דיפלאָמאַטישע העפליכקייט. אָבער אויב מען האָט אויף דער קאָנפערענץ צוליב דיפלאָמאַטישער העפליכקייט ניט אָנגערופען היטלער'ן מיט זיין ריכטיגען נאָמען, איז דאָך די קאָנפערענץ געווען אַן אָפענע פראָטעסט־דעמאָנסטראַציע געגען איהם און זיין באַרבאַרישען רעזשים. און טאָמער וואָלט אימיצער עס ניט געוואָלט אַזוי אויסטייטשען, איז געקומען היטלערס פריינד מוסאָליני און האָט די אויסטייטשונג געמאַכט. מוסאָליני האָט זיך נעמליך אָפגעזאָגט צו באַטייליגען אין דער קאָנפערענץ, ווייל ער האָט איהר באַטראַכט אַלס אַ פיינדליכע דעמאָנסטראַציע געגען זיין פריינד היטלער. דאָס אַליין איז שוין פיל ווערט. דערצו האָט די קאָנפערענץ געשאַפען אַ פערמאַנענטע אָרגאַניזאַציע, וואָס וועט זיין היטלער'ן אַ שטענדיגער דאָרן אין אויג, ווען זי וועט אפילו ניט ברייגגען קיין גרויסע פראַקטישע רעזולטאַטען פאַר די, וועלכע ליידען פון זייע באַרבאַרישע פאַרפאָלגונגען. אין דעם פרט האָט אַ גרויסע באַדייטונג דער באַשלוס פון דער קאָנפערענץ, צו פאָדערען פון היטלער'ען, אַז ער זאָל ניט אַוועקרויבען די פאַרמעגענס פון די, וואָס ער צווינגט צו אַנטלויפען פון זיין בלוטיגען רעזשים. עס איז מעגליך, אַז דער דרוק פון דער עפענטליכער מיינונג וועט האָבען אַ שטיקעל ווירקונג אין דעם פרט אויף היטלער'ן. און אויב ניט, וועט עס האָבען אַ גאַנץ באַדייטענדען פראָפאַגאַנדע ווערט געגען דעם באַרבאַרישען נאַצי־רעזשים. פילט זיך דאָך היטלער ניט אין גאַנצען באַקוועם פון דער עוויאַן קאָנפערענץ. דער בעסטער באַווייז איז, אַז זיינע צייטונגען פראָבירען מאַכען חוזק פון דער קאָנפערענץ און אָפלאַכען פון רוזוועלט'ען, וואָס האָט די קאָנפערענץ צונויפגערופען. מען זעהט אָבער גאַנץ לייכט, אַז עס איז אַ לאַכען מיט יאַשטשערקעס.

❖

די פראַגע פון די אידישע פליכטלינגע פון נאַצי־לאַנד וואָלט געווען אַ סך לייכטער צו פאַרענטפערען ווען זיי וואָלטען באַשטאַנען פון מענשען, וואָס קענען לייכט פאַרוואַנדעלט ווערען אין ערד־אַרבייטער. מערערע מלוכות, וואָס זיינען געווען פאַרטראָטען אויף דער קאָנפערענץ, האָבען ערקלערט זייער גרייטקייט אויפצונעמען קאָלאָניסטען, עס הייסט מענשען, וואָס זיינען גרייט און פעאיג צו באַאַרבייטען ערד און צו באַזעצען שטיקער לאַנד, וואָס וואַרטען, אַז מען זאָל זיי באַאַרבייטען. אָבער די אידען פון דייטשלאַנד און עסטרייך זיינען ניט קיין ערד־אַרבייטער און קענען גאַנץ שווער געמאַכט ווערען פאַר ערד־אַרבייטער, אויסער איינצעלנע אויסנאַמען.

נאָר ווען די אידען פון דייטשלאַנד און עסטרייך וואָלטען געקענט לייכט פאַרוואַנדעלט ווערען אין ערד־אַרבייטער, וואָלט מען קיין וועלט־קאָנפערענץ ניט געדאַרפט האָבען. די לענדער, וואָס זיינען גרייט אויפצונעמען קאָלאָניסטען, דאַרף מען ניט בעטען, אַז זיי זאָלען עס טאָן. זיי האָבען עס ערקלערט איידער די קאָנפערענץ אין עוויאַן איז צונויפגערופען געוואָרען. פאַר קאָלאָניסטען איז פאַראַן גענוג פלאַץ ניט בלויז אין די רעפובליקען פון צענטראַל אַמעריקאַ און זיד אַמעריקאַ, נאָר אויך אין קאַנאַדע. און אפילו אויסטראַליע, וואָס וויל קאָלאָניסטען דווקא פון ענגלאַנד, וואָלט אויך זיך ניט געדונגען אַזוי שטאַרק, ווען זי קען קריגען אידישע קאָלאָניסטען, מיט וועלכע זי זאָל קענען זיין זיכער, אַז זיי וועלען טאַקע באַאַרבייטען די ערד. אָבער די אידען פון דייטשלאַנד און עסטרייך זיינען, ווי שוין געזאָגט, ניט קיין ערד־אַרבייטער; עס זיינען צווישען זיי פאַראַן גאַנץ ווייניג אַרבייטער אין אַלגעמיין.

די פראַגע פון אידישע פליכטלינגע פון דייטשלאַנד און עסטרייך וואָלט טיילווייז אויך געווען לייכטער צו פאַרענטפערען, ווען די נאַצי־רעגירונג וואָלט זיי ערלויבט מיטצונעמען זייערע פאַרמעגענס. אַ גאַנץ גרויסער טייל פון די דייטשע און עסטרייכישע אידען זיינען פאַרמעגליכע מענשען. מערערע פון זיי האָבען גאַנץ באַדייטענדע קאַפיטאַלען. פאַר אָט די וואָלט ניט זיין שווער צו געפינען לענדער, וואָס וואָלטען זיי אריינגעלאָזען. אפילו די שכנישע לענדער פון דייטשלאַנד זיינען גאַנץ פריינדליך גענייגט צו פאַרמעגליכע אימיגראַנטען. זיי ברייננגען מיט זיך ניט בלויז קאַפיטאַל, נאָר אויך דערצו אונטערנעמונגס־גייסט און אונטערנעמונגס־פעהיגקייטען, וואָס העלפען די אַנטוויקלונג פון האַנדעל און אינדוסטריע אין לאַנד. אָבער די באַרבאַרישע נאַצי־רעגירונג באַרויבט די אידישע פליכטלינגע פון זייערע פאַרמעגענס און דערמיט פאַרשליסט זי פאַר זיי די טירען פון אַנדערע לענדער אין דער צייט, וואָס זי מאַכט זייער לעבען אונערטרעגליך ביי זיך אין לאַנד. און דאַ דאַרף ווידער אַמאָל דערמאָנט ווערען דער באַשלוס פון דער עוויאַן קאָנפערענץ, וואָס פאָדערט פון דער נאַצי רעגירונג, אַז זי זאָל ניט באַרויבען די פליכטלינגע פון זייערע פאַרמעגענס.

דער ווערט פון דעם באַשלוס האָט זיך טאַקע אויך גלייך ארויסגעוויזען, ווען היטלער האָט ערב דעם באַזוך פון דעם ענגלישען קעניג אין פראַנקרייך, געשיקט אַ ספעציעלען שליח צו לאָרד האַליפאַקס, דער אויסלענדישער מיניסטער פון ענגלאַנד, זיך דורכצורעדען מיט איהם וועגען פריינדליכערע באַציהונגען צווישען דייטשלאַנד און ענגלאַנד. אין דעם ענטפער, וואָס לאָרד האַליפאַקס האָט געגעבען היטלערס פאַרטרעטער, האָט ער אויך אויסגעדריקט זיין פאַרלאַנג, אַז די היטלער רעגירונג זאָל מיטהעלפען, אַז די פליכטלינגע פון דייטשלאַנד זאָלען קענען אויסוואַנדערען אויף אַן אָרדנונגס־מעסיגען אופן. עס הייסט, אַז לאָרד האַליפאַקס האָט גאַנץ דירעקט, אויב ניט אין גאַנצען אָפען, דערמאָנט היטלער'ס פאַרטרעטער וועגען דער פאָדערונג פון דער עוויאַן קאָנפערענץ, אין וועלכער ענגלאַנד האָט גענומען אַן אַקטיווען אָנטייל. און ווען היטלער זוכט ענגלאַנד'ס פריינדשאַפט, און ער זוכט איהר זעהר שטאַרק, וועט ער זיך מוזען רעכענען מיט דעם פאַרלאַנג פון לאָרד האַליפאַקס, וואָס דאַרף באַטראַכט ווערען פאַר אַ פאַרלאַנג פון דער ענגלישער רעגירונג.

❖

דער באַזוך פון ענגלישען קעניג אין פראַנקרייך און די באַגייסטערטע אויפנאַמע, וואָס ער האָט געקראָגען אין פאַריז, האָט אַ גרויסען אינטערנאַציאָנאַלען פאָליטישען ווערט.

די גרויסע באַגייסטערטע אויפנאַמע, וואָס די פאַריזער האָבען געגעבען דעם ענגלישען קעניג, קען זיכער ניט אויסגעטייטשט ווערען פאַר אַן אויסדרוק פון ליבע צו געקרוינטע קעפ. די פאַריזער מאַסען זיינען דורכגעדרונגענע רעפובליקאַנער און זיינען די גרעסטע פיינט פון מאָנאַרכיע. עס האָט זיך אָבער ניט געהאַנדעלט וועגען געבען אַ קבלת פנים אַ מאָנאַרך, נאָר וועגען דעם אָפיציעלען פאַרטרעטער פון ענגלישען פאָלק, מיט דעם פאָלק וואָס פראַנקרייך איז אַזוי לאַנג פאַרבונדען און וויל אויף ווייטער בלייבען פאַרבונדען. דער באַזוך פון דער ענגלישער קעניגליכער פאָר אין פראַנקרייך האָט ניט בלויז דעמאָנסטרירט אָט די פאַרבינדונג, נאָר זי האָט אויך דעמאָנסטרירט אַ געוויסע אינטערנאַציאָנאַלע פאָליטישע ליניע. עס איז געווען אַ דעמאָנסטראַציע געגען דער פאַרבינדונג פון מוסאָליני און היטלער און געגען זייער רויבערישער, באַרבאַרישער פאַשיסטישער פאָליטיק. ווייניגסטענס איז דאָס אַזוי פאַרשטאַנען געוואָרען פון די פאַריזער מאַסען.

ביז איצט האָבען מוסאָליני און היטלער געמאַכט דעמאָנסטראַציעס פאַר דער פאַרבינדונג פון פאַשיזם און נאַציזם. און די קאָנסערוואַטיווע טשעמבערליין רעגירונג פון ענגלאַנד האָט געפירט אַזאַ פאָליטיק, וואָס האָט געמאַכט דעם איינדרוק, אַז ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס ענגלאַנד איז אָפיציעל פאַרבונדען מיט פראַנקרייך, ציהט אָבער דאָס האַרץ פון דעם ענגלישען פרעמיער מיניסטער און פון זיין רעגירונג מער צו היטלער'ען און צו מוסאָליני'ן. און אָט דער איינדרוק, וואָס טשעמבערליינס רעאַקציאָנערע פאָליטיק האָט געמאַכט, האָט פיל געשטאַרקט דעם מוט פון די פאַשיסטען און די נאַציס און האָט אָפגעשלאָגען פון מוט די דעמאָקראַטישע לענדער. אָבער דער איצטיגער באַזוך פון ענגלישען קעניג אין פראַנקרייך — און דער ענגלישער קעניג טוט בלויז, וואָס דער פרעמיער־מיניסטער און זיינע מיניסטאָרען הייסען איהם טאָן — האָט

מיסטיש. אין געגענטייל, עס איז א גרויסער חסרון. פעסימיזם ברענגט צו אפהענטיגקייט און דאס איז ניט פאר ארבייטער, וואס דארפען כסדר שטעהן אויף דער וואך צו באשיצען זייערע אינטערעסען. מיר וועלען בעסער אננעמען די גוטע האפנונגען, וואס די קלאוק-מאנופעקטשורערס גיבען אונז און ווערען אפטימיסטי-שער געשטימט. און טאקע צוליב דעם גרונד, וואס עס זיינען פאראן גוטע האפנונגען, אז עס וועט זיין א גוטער ארבייטס-סעזאן, דארפען די קלאוק-מאכער זיין צוגע-גרייט אויסצונוצען די בעסערע צייט, ווען זי וועט קומען. און לאמיר טאקע האפען, אז זי וועט קומען.

❧

## די חוצפה'דיגע פאדערונגען פון די ניט-גודס באלעבאטים

די מיטגלידער פון דער ניט גודס יוניאן לאקאל 155 האבען אויף א גרויסען מיטינג אין מאנהעטען אפערא הויז איינשטי-מיג באשלאסען צו באפולמעכ-טיגען די באאמטע פון דער יוניאן צו ערקלערען א סטרייק, אויב די באלעבאטים וועלען זיך אפזאגען דורכ-צוקומען מיט דער יוניאן אויף א פרידליכען אופן.

עס זעהט אויס, אז די באלעבאטים פון ניט-גודס טרייד האבען זעהר א שלעכטען זכרון. זיי האבען דאך דאכט זיך געדארפט געדענקען, אז זיי האבען מיט צוויי יאר צוריק זיך פארמאסטען אין כחות מיט דער יוניאן און זיי האבען פארלארען. און עס איז געווען א גאנץ קאסטבארער קאמף פאר זיי, וואס זיי האבען ניט גע-דארפט פארגעסען. וועלען זיי עס איצט פרובירען נאך אמאל? דענקען זיי, אז זיי וועלען דאס מאל האבען מער גליק ווי מיט צוויי יאר צוריק? אבער אויף וואס פאר א גרונט קענען זיי עס רעכענען? זיי האבען דאך פאר געקאנט דער יוניאן פארלארען מיט צוויי יאר צוריק ניט צוליב שלעכט גליק, נאר צוליב דעם, וואס זיי האבען זיך אנגעשטויסען אויף א גוט ארגא-ניזירטע מאכט, וואס זיי זיינען געווען צו שוואך צו בא-זיגען. זיי דארפען דאכט זיך געדענקען וואס פאר אן ארגאניזירטען פאראייניגטען כח די יוניאן האט געגען זיי ארויסגעשטעלט. ווייסען זיי אבער דען ניט, אז די יוניאן איז היינט נאך שטארקער ווי מיט צוויי יאר צוריק? זיינען עס דאך זיי, די באלעבאטים, וואס האלטען שטענדיג אויף די קאמפאלוסט פון דער יוניאן. אז זי זאל שטענדיג שטעהן אויף דער וואך און האלטען אירע רייהען פעסט געשלאסען גרייט צום קאמף.

די יוניאן האט שטענדיג געוואלט אויסמיידען סטרייקס. די פאדערונגען פון די ניט-גודס ארבייטער זיינען דעריבער אלע מאל געווען מעסיגע, וואס די בא-לעבאטים האבען געקענט לייכט נאכגעבען. אז זייערע פראפיטען זאלען בלייבען גענוג גרויס.

ברודער נעלסאן, מענעדזשער פון דער ניט-גודס ארבייטער יוניאן, האט אין זיין רעדע אויף דער אלגע-מיינער מיטגלידער פארזאמלונג אין מאנהעטען אפערא הויז געזאגט, אז די יוניאן וויל אויסמיידען א סטרייק, ווייל זי ווייס, אז א סטרייק אין דער איצטיגער צייט וועט ברענגען א סך שאדען דער ניט-גודס אינדוסטריע, אבער די באלעבאטים זוכען ארויפצוצווינגען א סטרייק אויף דער יוניאן. און אויב זיי ווילען ניט אנדערש ווי אן אפענעם קאמף וועלען זיי עס קריגען אין דער פול-סטער מאס.

די פאדערונגען פון דער יוניאן און די געגען-פא-דערונגען פון די באלעבאטים ווערען איבערגעגעבען אין דעם נומער "גערעכטיגקייט" אין דער אפטיילונג "וואס עס הערט זיך אין דער אינטערנעשאנאל". מען קען פון די פאדערונגען זעהן, אז די אנגרייפער זיינען די באלעבאטים. זייערע פאדערונגען זיינען אזעלכע חוצפה'דיגע, אז זיי קענען אנדערש ווי א פראוואקאציע פאר א סטרייק ניט באטראכט ווערען.

מיר ווילען האפען, אז די באלעבאטים וועלען ערנ-סטער און פארזיכטיגער באטראכטען די לאגע און וועלען אנגעליך קומען צו א פרידליכען אויסגלייך מיט דער יוניאן. אין פאל אבער זיי וועלען בלייבען איינ-געשפארט, וועלען די ניט-גודס ארבייטער שטעהן אויף דער פולער שיצע און הילף פון דער אינטערנעשאנאל, ווי פרעזידענט דובינסקי האט עס זיי פארשפראכען. און מיר זיינען זיכער, אז זיי וועלען זיגען.

❧

## באצאהלטע וואקאציעס

לאקאל 91, טשילדרענס דרעס ענד באטהראוב ווארקערס יוניאן, האט דעם כבוד צו זיין די ערשטע אין דער אינטערנעשאנאל, וואס האט געוואונען פאר אירע מיט-גלידער א וואך באצאהלטע וואקאציע. און זי האט עס געקראגען אויף א פרידליכען אופן דורך אן אנטשיי-דונג פון דעם אונפארטייאישען טשערמאן פון דער טשילדרענס דרעס אינדוסטריע, דר. פאל אייבעלסאן. דאס איז אן אנטשיידונג, וואס איז אין איינקלאנג מיט דעם גייסט פון דער צייט. נישט מער זי האט געדארפט זיין ניט פאר איין וואך נאר פאר צוויי וואכען. ווארום וואס איז ווייניגער ווי צוויי וואכען וואקאציע? און אין מערערע אינדוסטריען איז שוין דאס איינגעפירט און אין א סך ווערט געפירט א קאמף פאר דעם, וואס וועט מיט דער צייט זיכער געוואונען ווערען.

לאקאל 91 האט געמאכט דעם גוטען אנפאנג צו קריגען א וואך באצאהלטע וואקאציע און לאקאל 160 האט עס באלד נאכגעמאכט. די בראזיר ארבייטער יוניאן פון בעיאן און יוניאן סיטי, ניו דזשוירזי, לאקאל 160, האט נעמליך אויך געקראגען פאר אירע מיטגלידער א וואך באצאהלטע וואקאציע.

איצט וועלען מיר ווארטען און זעהן ווער עס קומט נעקסט.

די פאדערונג פון באצאהלטע וואקאציע איז דורכ-אויס א גערעכטע. פאר אפיס אנגעשטעלטע און פאר פארשידענע אנדערע אנגעשטעלטע אין האנדעל און אינ-דוסטריע, וואס טראגען ניט דירעקט דעם נאמען "אר-בייטער", איז שוין לאנג איינגעפירט באצאהלטע וואקאציעס און א סך פון זיי מער ווי פאר צוויי וואכען. לענגערע באצאהלטע וואקאציעס קריגען אנגעשטעלטע פון דער רעגירונג און פון די שטאטס-פארוואלטונגען. עס הייסט, אז עס איז גאנץ ברייט אנערקענט אין אמע-ריקא דער פרינציפ פון באצאהלטע וואקאציעס. ער איז בלויז פארנאכלעסיגט געווארען פאר די ארבייטער אין שעפער און פאבריקען. נאר לעצטענס האבען די ארגאניזירטע ארבייטער אנגעפאנגען פירען א קאמף אנ-צוזאגען דאס, וואס איז פארנאכלעסיגט געווארען אין די פריהערדיגע יארען און זיי וועלען עס זיכער דער-גרייכען, ווייל עס איז דורכאויס א גערעכטע פאדערונג.

## די א. פ. און ל. און די אינטערנעשאנאל

די האנדלונג פון דער אמעריקאן פעד. און לייבאר אפזאגענדיג זיך ארויסצו-געבען טשארטערס צו אפאזיציע יוניאנס אין די טריידס, וואס ווערען קאנטראלירט פון דער אינטערנעשאנאל — עס זיינען לעצטענס געווען דריי אזעלכע פאלען — פארדינט אונזער אויפריכטיגסטע אנערקענונג. דאס איז דער ריכטיגער גייסט, וואס דארף הערשען אין דעם פארדרייסליכען שטרייט צווישען דער אמעריקאן פעדע-ריישאן און לייבאר און דער סי. איי. א.

די אינטערנעשאנאל האט אין אנפאנג אן און די גאנצע צייט אונטערגעשטראכען דעם געדאנק, אז דער שטרייט צווישען דער סי. איי. א. און די א. פ. און ל. איז בלויז וועגען ארגאניזירען די ארבייטער פון די ניט ארגאניזירטע טריידס, וועלכע זיינען ביז איצט צוליב איין אורזאך אדער א צווייטער פארנאכלעסיגט געווארען פון דער אמעריקאן פעדעריישאן און לייבאר. אבער עס זאל ניט געשאפען ווערען קיין אפאזיציע יוניאנס אדער דואל יוניאנס אין אזעלכע טריידס, וועלכע זיינען שוין פון פריהער ארגאניזירט, אדער צום גרעסטען טייל ארגאניזירט. לײדער איז אט דער געדאנק ניט אומע-טום דורכגעפירט געווארען. דער שטרייט האט זיך פארוואנדעלט אין א קאמף און ער האט געבראכט א סך אומגעווינשטע רעזולטאטען. אבער מיר זיינען דא ניט אויסען זיך אפצושטעלען אויף דעם קאמף צווישען דער סי. איי. א. און דער אמעריקאן פעדעריישאן און לייבאר און ווי ער האט זיך אנטוויקעלט. מיר ווילען דא בלויז אויסדריקען אונזער אנערקענונג פאר דער קארעקטער האנדלונג פון דער אמעריקאן פעדעריישאן און לייבאר און ווי עס איז שייך צו דער אינטערנעשאנאל און מיר בא-נוצען זיך מיט דער געלעגענהייט אויסצודריקען אונזער אלטען וואונש נאך א מאל, אז דער פרידען אין דער אמעריקאנער ארבייטער באוועגונג זאל קומען וואס גיכער און מיר זאלען ווידער האבען א פאראייניגטע און גע-אייניגטע טרייד יוניאן ארגאניזאציע.

## עמפייער-סטייט געביידע

פון נחמיה קליין

יונג, נאקעט, ביין-און-מוסקעל —
אמעריקע'ס טשעמפיאן אויף דער וועלט-אלימפיאדע!

א שטאט איבער א שטאט.
א טעמפעל איבער א שטאט פון טעמפלען.
א מידראש פון בבל'ס טורעם.
א ליכטטאוער פאר שוועבענדע וואלקען.
די זיגרייכע קעניגין אויפ'ן שאכבערעט — ניו יארק!

יונגער שטאטגייסט פון שטאט אין גייסטער.
שטראלען, ווינטן, וואלקען, שפילען ערשט ארום דיר לעגענדען
פאר טויזענט קומענדיגע דורות.

דיינע לאנגע ליניעס, רערן פון אן ארגעל,
שפילען אויס די סימפאניעס פון שטרייט און שטורעם.
דיינע ווענט כאפען אויף דאס געשריי פון יעגער און געיאגטע
און צושפרייטען עס איבער די קאנטינענטען פון דער וועלט.

ווייט איבער'ן געדראנג און געהודער
שוועבסטו א שפיראל אין הימעל.
ביזט אזוי שטארק און שטייף און שטאלץ —
אפילו א טויב לאזט ניט ארוף אויף דיינע געזימסען.

שטאל דיינע צווייגען,
גאלד דיינע בלעטער.
ליכט און שאטען ראנגלען זיך ארום דיר —
צוויי ריזען-אדלער אין קאמף פאר'ן נעסט.

זון באדט דיך אין גאלד,
וואלקען וואשען דיך אין זילבער.

די זון גלעט דיין קאפ דעם ערשטען
ווי א מוטער וועקט איר קינד באגינען.
צום אוונט קושט זי דיך לעצטען
ביז נאכט באדעקט דעם לעצטען שימער.

ביזט אמעריקע'ס אפשפיגל פון היינטיגען דורשטיגען דור,
שטייגסט הימעלצו צום גאט פון גאלד און זיגער.
שטאלען דיינע שורות, איבער שורות אין ריזיגע ריטמען,
שורה נאך שורה, שורה אויף שורה, שורה ווי שורה,
גלאז נאך גלאז, גלאז אויף גאלד, גלאז ווי גאלד —
די פירמאמענט-שטירמער פון וואלקענקראצער — ניו יארק.

ביזט דער גרעסטער מאנומענט פון אלע צייטען
דער לעצטער מאנומענט פון אונזער צייט.
א צייט פון אלדאס גוט, פון אלדאס בייז,
פון בלוט און נויט און הונגער.

פיטאליסטישער פרעסע קריגען דעם שענסטען יישר כח. אויסגעלאזען האט זיך עס פונקט קאפויר. גלייך אויף מארגען, נאכדעם ווי דער רעפארט איז ערשינען, האט אונזער פרעסע געוויזען וואס זי קען: יע געזעץ, ניט געזעץ; יע סופרים קאורט, ניט סופרים קאורט — אבער כאפען א שוויג, ווען די היילגסטע רעכט פון די באסעס ווערען געטראטען מיט די פיס, דאס קענען און וועלען זיי ניט. און אט אין דעם כאר פון געוואלדען האט זיך אויסגעצייכענט, פארשטייט זיך, די ניו יארק „טיימס“.

לאמיר מזכה זיין די לעזער אונזערע מיט איינגע פערל פון דעם עדיטאריעל פון דער „טיימס“, וועלכע טרייט צו צופאטשקען די גאנצע שמחה פון דער לייבאר באארד.

אט האט איר ווארט אין ווארט דעם ערשטען פאראגראף פון דעם לייט־ארטיקעל:

„די נעשאנעל לייבאר רילײשאן באארד באטראכט איר אויפטו מיט גרויס צופרידענהייט. זי פייערט איר דריטען געבורטסטאג, לאזענדיג אונז וויסען דאס זי האט מיט ערפאלג געהענדעלט צווישען דער צייט וואס זי האט זיך פארמירט און דעם ערשטען דזשון, 11,180 ארבייטער שטרייטיגקייטען. וויפיל פון די דאזיגע דיספיוטען זיינען פאראורזאכט געווארען פון דעם וואגנער אקט גופא און זיין אדמיניסטראטיווער פארטיישונג, אויף דעם ווייזט דער רעפארט ניט אן. ער מאכט אינגאנצען א שוויג וועגען דעם אקט דאס פון מארטש ביז סעפטעמבער לעצטען יאר האט די צאל פון די סטרייקס און די צאל פון די ארבייטער וועלכע זיינען געווען פארוויקעלט אין זיי, האט זיך דערהויבען ביז צום העכסטען גראד אין די לעצטע צוויי צענדליג יאר“.

שוין גלייך אין דעם ערשטען פאראגראף מאכט די „טיימס“ צו גארניט דעם גאנצען אויפטו פון דער לייבאר באארד. דו זאגסט, אז דו האסט געסעטעלט אזוי פיל און אזוי פיל סטרייקס, אז דער אמת איז, דאס דו אליין האסט די דאזיגע סטרייקס ארויסגערופען; אז ווען ניט דו, וואלטען קיין סטרייקס גארניט געווען.

דא האט איר די אלטע באסישע טענה: די ארבייטער וואלטען קיינמאל ניט געסטרייקט, ווען ניט דער באצאלטער אגיטאטאר, דער פארקויפטער לייבאר פייקער. לויט דער באשולדיגונג איז די נעשאנעל לייבאר רילײשאן באארד, דער וואגנער אקט און דער סופרים קאורט ניט מער און ניט ווייניגער ווי ארבייטער אגיטאטארס, וועלכע טרייען צו מאכען טראבעל, כדי זיי זאלען עס קענען גוטמאכען און זיך קענען בארימען דערמיט. קיין גרעסערע באליידיגונג און באשולדיגונג איז נאך ניט געשליידערט געווארען אין פנים פון געזעץ, סופרים קאורט און פון דעם הויפט אויפטוער פון דעם אלעם — פרעזידענט רוזוועלט.

איז דאס געוויס א פרעכער ליגען. נאר ווען עס זאל זיין אפילו א טראפען אמת אין אט דער באשולדיגונג, מוז עס דוקא געזאגט ווערען צום קרעדיט פון דער נ. ל. ר. ב. די זאך איז דאך גאר פשוט: איידער דער נייעם דיעל איז געקומען, האבען די ארבייטער טאקע געליטען און געשוויגען. זיי האבען זיך ניט געפילט שטארק גענוג אויפצונעמען א קאמף מיט די גרויסע באסעס. עס איז ניט געווען ווער, אויסער אין געוויסע פאלען, די סאמע שטארקסטע יוניאנס, וועלכע זאלען זיך אננעמען פאר זייערע אינטערעסען. מיט דעם געבורט אבער פון דעם וואגנער אקט, האבען זיי דערפילט, אז זיי מעגען אויפנעמען א קאמף מיט גראד גרויסע שאנסען צו געווינען... אין דעם זין האט געוויס דער וואגנער אקט אויפגעטאן וואונדער און ער מעג אלס גרויסען קרעדיט פאר זיך אויפנעמען דעם שטאך און דעם פארוואורף פון דער „טיימס“, דאס ער האט טאקע געהאלפען אין פאראורזאכען די סטרייקס.

און דרשענט די „טיימס“ ווייטער:

„עס וואלט פיל ניצליכער געווען, ווען די לייבאר באארד, אנשטאט איבערדערציילען וועגען די אלע פאלען, וואס זי האט געוואונען, וואלט אונז דערציילט וועלכע רעכטע זיינען געבליבען פאר'ן ארבייטסגעבער, ווען ער ווערט געסטראשעט מיט א סטרייק. ווערט א באס געסטראשעט מיט א סטרייק אין איינער פון זיינע פעקטארים, טאר ער ניט ריידען וועגען דעם מיט קיינעם אחוץ ווי מיט די פארשטייער פון דער סטרייקענדער יוניאן. אן ארבייטסגעבער ווערט באטראכט צו באגעהן א שלעכטע האנדלונג, ווען אין דער צייט פון א סטרייק הענגט ער אויס א בולעטין אויפ'ן וואנט, אין וועלכען ער קריטיקירט די אגענטען פון דער לייבאר באארד. ער דארף ניט אנרופען די פירער פון סטרייק מיט אזעלכע נעמען ווי „אויטסייד עדזשיטייטארס, רעדיקאלס, טראבעל מייקער, רעקעטירס, קראוקס“, אדער געברויכען אירגענד וועלכע ווערטער, וועלכע זאלען דיסקרעדיטירען די יוניאן. דער ארבייטסגעבער קאן ניט נעמען קיין אנטייל אין אזעלכע באוועגונגען, ווי רופען צוריק צו דער ארבייט, צו לאיאליטעט, געזעץ־און־ארדנונג אדער אין אירגענד וועלכען פראגראם, וואס זאל שטרעבען צו דער ערפענונג פון זיין שאפ, איידער ער גיט זיך אונטער צו דער יוניאן. ער טאר ניט זאגען, דאס ער וועט ניט אונטערשרייבען קיין קאנטראקט מיט א יוניאן אדער ארויסקומען מיט א באשלוס ניט צו האבען קיין מגע ומשא מיט דער יוניאן, וועלכע האט ארויסגערופען דעם סטרייק. ער טאר ניט סטראשען, דאס ער וועט ארויסציען זיין פעקטארי, אדער געבען אן אנצוהערעניש דאס ער וועט איר שליסען, ווייל דאס קאן אפשרעקען די סטרייקער. ער טאר ניט געבען זיינע ארבייטער אן עצה, צו ארגאניזירען זייער אן אייגענע יוניאן, וואס זאל זיין אונאפהענגיג פון אירגענד וועלכער נעשאנעל יוניאן. ער טאר ניט פארהאנדלען מיט אירגענד וועלכער אונאפהענגיגער גרופע פון ארבייטער, און עס זאל אויף אים ניט פאלען דער חשד, דאס ער וויל גרינדען א קאמפאני יוניאן וואס דאס איז געוויס אונגעזעצליך. עס איז אפילו ניט קלאר דאס א באס האט דאס רעכט צו אנאנסירען צו זיינע ארבייטער זיין וואונש צו עפענען זיין שאפ און איינלאדען זיינע ארבייטער צוריק צו דער ארבייט“.

אלזא, לויט דער „טיימס“ און דער גאנצער איבעריגער קאפיטאליסטישער פרעסע, איז דער באס אינגאנצען בארויבט פון אלע זיינע רעכטע.

אבער איז עס טאקע אזוי? איז דער באס בארויבט פון זיינע רעכטע, וועלכע עס קומט אים אלס ארבייטס־געבער, אדער ווערט ער בארויבט פון אלע זיינע פריווילעגיעס, וואס ער האט געהאט און זיך אליין גענומען, און אזוי ארום געטראטען מיט די פיס די היילגסטע רעכטע פון די מיליאנען ארבייטער, וועלכע זיינען געלעגען אונטער זיין קנאפעל.

וואס וויל פון אים דער וואגנער אקט, וואס ער מאכט אזעלכע געוואלדען? נעמט ער צו ביי אים זיין קאפיטאל, זיין פעקטארי, זיין אייגענטום? בארויבט ער אים פון דאס רעכט צו מאכען פראפיט פון די וועלכע ארבייטען פאר אים? די אלע באסישע רעכטע האט דער לייבאר באארד ניט פארמינדערט אויף א האר. אבער זי האט ביי אים צוגענומען דאס פארדאמטע רעכט צו איזדעקעווען זיך איבער די ארבייטער, אפצונארען די ארבייטער, צו סטראשען די ארבייטער מיט הונגער, אויב ער וועט זיך ניט אונטערווארפען די אונמענשליכע פאדערונגען. הייסט דאס אוועקרויבען פון די באסעס זייערע רעכטע?

זיי האבען ביז גאר ניט לאנג צוריק געקענט טאן מיט דעם ארבייטער וואס זיי האבען נאר געוואלט. איז ער געווען געהארכזאם, האט מען אים געוויזען די גענאד און אים געלאזט ארבייטען. אויב ניט, האט מען אים ארויסגעווארפען פון שאפ און עס איז ניט געווען קיין קלאגער און קיין ריכטער. איצט קאן עס ניט מער דער באס. ער מוז האבען אין זינען, אז די ארבייטער האבען אויך און מוזען האבען זייערע רעכטע, און דאס ער קען ניט מער בושעווען ווי אין די אלטע גוטע צייטען. מיינט דאס אויך, אז דער באס און זיינע וועהגעשרייען, אז ער איז בארויבט פון אלע זיינע רעכטע, האבען די מינדסטע בארעכטיגונג?

ער קען ניט מער זיין דער איינציגער בעל דעה איבער דעם, וויפיל ער מוז צאלען זיינע ארבייטער, וויפיל שטונדען ער זאל האלטען זיינע ארבייטער פארשקלאפט אין זיין פעקטארי. און צוליב דעם טאר ער ניט מאכען זיינע כלומרשטיגע אגרימענטס מיט יעדען ארבייטער באזונדער, ווי אמאל, נאר ער מוז אנערקענען די פארשטייער, וועלכע די ארבייטער יוניאן האט אויסגעקליבען צו פארהאנדלען מיט אים. קאן דאס אימיצער, וועלכער האט ניט קיין מצח אישה זונה, דאס אויסטייטשען אלס א בארויבונג פון די רעכטע פון די באסעס?

„ער וויל ניט מאכען קיין אגרימענט מיט דער יוניאן. איז דאס ניט זיין הייליג רעכט? קאן גאר זיין אזא געזעץ אין א פרייער געזעלשאפט, אין א דעמאקראטיע, וועלכער זאל וועקנעמען אזא רעכט?“

קאן אט די טענה פון אויבען אויף אויסזען ווי אן עולה. אבער דאס איז דאך ניט אזוי דער פאל. אנגענומען, דאס דער באס האט שוין צו אלץ איינגעשטימט, וואס די יוניאן האט פארלאנגט, נאר אז עס קומט צום אונטערצושרייבען אויף דער אונטערשטער שורה, ענטזאגט ער זיך. איז דאס ניט דער שטארקסטער באוויז דאס ער האט לכתחילה ניט געמיינט האלטען ווארט און אפנארען די ארבייטער, און דאן לייקענען שטיין און ביין אז ער האט עטוואס איבערהויפט צוגעזאגט, — האט ניט די יוניאן א רעכט צו באווארענען זיך געגען אזא בעל דבר?

בקיצור, דער גאנצער געשריי פון דער קאפיטאליסטישער פרעסע וועגען די רעכטע פון די באסעס, פון וועלכע זיי ווערען כלומרשט בארויבט, איז איין גרויסער בלאף, און זיי וועלען שוין גארניט אויספירען. עס וועט ניט נאר מוזען אזוי בלייבען, נאר עס וועט נאך ווערען און מוז ווערען אלץ ערגער און ערגער פאר די באסעס. זיי האבען נאך אלץ צופיל פריווילעגיעס, וועלכע די ארבייטער מוזען ארויסרייסען פון זיי, און איך בין גאר ניט איינפארשטאנען מיט א פארוואורף פון פרעזידענט רוזוועלט, אין איינער פון זיינע רעדעס, צו דער ארבייטער באוועגונג, דאס זי האט אביסעל איבערגעכאפט די מאס. מיט א ווארט — און טאקע פון רוזוועלט'ן — קאן און זאל די ארבייטער באוועגונג אים ענטפערען, דאס זי האט ערשט אנגעהויבען...

## דער געפאלענער לייב

(פאבעל)

פון נחום יוד

מען האט א יונגען לייב אין וויסטעניש געפאנגען
און אים — צו ווייזען פאר דער וועלט — אין צירק געבראכט;
און דארט, אהינטער אייזערנע געשמידטע שטאנגען,
איז ער אין שטייג, א ווילדער, טאג און נאכט
מיט וויגענדיגע טריט ארומגעגאנגען,
און ביין — א שרעק! —
געווארפען מיט'ן עק.
אפילו דער וואס פלעגט דאס עסען אים דערלאנגען,
איז אויך גאר נאהענט צו זיין שטייג ניט צוגעגאנגען,
ס'פלעגט דורכנעמען א גרויל
פון מארגעם שמייכעל אויף זיין מורא'דיגען מויל...
אזוי־א זיינען פינף־זעקס יאר אוועקגעגאנגען;
דער לייב — אין זעלבען צירק און ביי די זעלבע לייט,
און הויבט ער איצטער אן נאך ווען עס איז צו ברומען —
מיט פחד ווערען אלע דורכגענומען...
דאך, וואס מיינט איר?
ער שפרינגט שוין דורך א רייף באצויגען מיט פאפיר...

* * *

איך וועל אייך אויסזאגען און וועל זיך גאר ניט שעמען,
אז שטענדיג נעמט דאס הארץ מיר קלעמען
ווען איך קוק־אן
די גרויסע לייבען אין די שטייגען,
וואס מוזען דורך א נויט דעם עולם קונצען צייגען...

# עס איז פשוט אַ רחמנות אויף די באָסעס!

פון ש. יאַנאָווסקי.

אפשר, מיט איניגע יאָר פריער, לאָמיר זיך מודה און מתודה זיין, וואָלטען די צרות פון די באָסעס, וואָס זיי האָבען געבאַך אויסצושטיין פון די אלערליי נייע אַנשיקענישען, מיך ניט אַזוי שטאַרק גערירט. האָבען מיר דאָך דאָן אלע, מער אָדער ווייניגער, מער געזאָרגט פאַר דעם עקספּלואַטירטען ארבייטער, ווי פאַר דעם עקספּלואַטאַטאָר, דעם באָס. אפילו ווען עס איז באגאנגען געוואָרען אַן עולה געגען דעם באָס האָבען מיר עס אויך פאַרקוקט. קנאַפּ עולות באַגייט ער געגען די ארבייטער, מעג ער אויך אַמאָל דערפילען דעם טעם פון אַן עולה אָדער אַן עולה'טשקע.

און דאַן איז עס געווען אַן אַנגענומענער כלל ביי אונז, אַז עס איז ניט אונזער עסק זיך אַנצונעמען פאַר אים, ווען אימיצער קריוודעט אים. נישקשה, ער האָט גענוג מענשען און אינסטיטוציעס וואָס זאָלען זיך איינשטעלען פאַר אים:

דער געזעץ איז אימער — אויף זיין זייט; דער פּאָליסמען מיט דעם קלאָב — אויף זיין זייט; די פּרעסע, אויב ניט די גאַנצע פּרעסע, איז וויניגסטענס ניינצענטעל — אויף זיין זייט. און וויבאַלד די פּרעסע — איז דאָך שוין די גאַנצע עפענטליכע מיינונג אויף זיין זייט. דערפאַר טאַקע, ווען עס איז אים געשען עפּעס אַן אונרעכט, האָט עס אונז ניט אַנגעהויבען צו אַרען. זאָל עס בלייבען צווישען אונז, גאַר אָפט האָט עס אונז שטאַרק הנאה געטאָן.

אָבער זייט דאַן זיינען שוין גאַר פילע וואַסערען אַריבערגעלאָפען, עס איז אַנגעקומען דער „נייער דיעל": אונזער דייוויד דובינסקי ווערט אַ פּרעזידענשעל עלעקטאָר און ער און מרס. דובינסקי זיינען גאַר אָפטע געסט אין ווייסען הויז ביי אונזער פּרעזידענט רוזוועלט. מיר האָבען אים אויך געהערט אויף דער ראַדיאָ צוזאַמען מיט ראָקפעלער'ן, און זיי ביידע האָבען זיך דורכגערעדט ניט, חלילה, ווי שונאים, נאָר ווי די אמת'ע בוזעם־פריינד.

מיר האָבען אויך דערלעבט אַ צייט, ווען סידני הילמאַן, דער פּרעזידענט פון אַמאַלגאַמייטעד, האָט נאָר באַדאַרפט אַ פיפס־טאָן אין וואַשינגטאָן, אַז ער וואָלט געוואָלט אַז די רעגירונג זאָל אָפּקויפען פון די שניידער־מאַנופעקטשורערס פאַר צען מיליאָן דאָלאַר בגדים, וואָס זיי האָבען אָנגעאַרבייט און עס פאַרטיילען צווישען נויטליידענדע, וועלכע קענען ניט קויפען קיין קליידער, וואָס וועט מאַכען אַז טויזענדער שניידער, וועלכע געהען שוין אַרום יאָרען־לאַנג שלינג־און־שלאַנג, זאָלען קענען ווידער האָבען אַביסעל ארבייט, און אגב אורחא אויך מאַכען די שניידער באָסעס זיך פילען אַביסעל בעסער

צו דעם נייעם דילער און צו זיין באשעפער, איז דאָס תיכף ומיד ערפילט געוואָרען.

וואָס דאַרפט איר מער, מיר האָבען שוין דערלעבט אַ צייט, ווען אפילו אונזערע גרעסטע באַקעמפער פון דער בורזשואַזיע, פון איר בלאַף רעפּובליק און פון אַלץ מיט אַנאַנדער וואָס געהערט צוזאַמען מיט דעם: די פּאָליטישע פּאַרטייען, דער קאָנגרעס, דער סענאַט מיט דעם פּרעזידענט בראש, האָבען זיך באַגייט מיט אַ שפּאָגעל־נייער קאָנסטיטוציע, אין וועלכער זיי שווערען ביי זייערע באָרד און פּאות אַז זיי זיינען די גרעסטע פּאַטריאָטען, און האַסען און פאַרשטויסען אלע, וועלכע האַלטען זיך נאָך ביי זייער אַמאָליגער רעוואָלוציאָנערער תורה. זיי הענגען זיך אָן אָן דעם פּרעזידענט'ס פּאָלעס, כאָטש, ווי דער אמת איז, וויל ער פון זיי ניט וויסען. ער האַלט זיי פאַר ניט אַ האָרעלע בעסער, ווי די פאַשיסטען.

בקיצור, עס איז אַ נייער דיל פאַר די ארבייטער, ווי פאַר די בעלי בתים, און דאָך די ניו יאָרק „טיימס", ווי כמעט די גאַנצע קאַפּיטאַליסטישע פּרעסע, קאָן נאָך אַלץ ניט שלום מאַכען מיט דעם נייעם דיעל, און מאַכט גוואַלדען: וואו זיינען, סטייטש, די רעכט פון די באָסעס?

איז עס ניט אַ האָרץ־ווייטאָג:

ווער פון אייך קען זיך דערמאָנען אַן דער צייט, ווען די קאַפּיטאַליסטישע פּרעסע האָט געמאַכט גוואַלדען, הלמאי ווערען די ארבייטער אַזוי שענדליך באַרויבט פון זייערע רעכטען אַלס מענשען, אַלס בירגער און אַלס ארבייטער? ניין, וויניגסטענס דער שרייבער פון די שורות קען זיך עס ניט דערמאָנען. גאַנץ אַנדערש איצט. די קאַפּיטאַליסטישע פּרעסע איז פול מיט דעם געשריי פאַר אלע פאַרגוואַלדיגטע רעכט פון די באָסעס, פון וועלכע דער נייער וואַגנער געזעץ, מיט דער צושטימונג פון סאַמע סופרים קאָורט, האָט זיי באַרויבט.

איר ווייסט דאָך, מיט וואָס פאַר אַ קדושה עס איז אַרומגערינגעלט געוואָרען דער געזעץ פון די סאַמע גרעסטע און בעסטע פון אונזער געזעלשאַפט. אַ קלייניגקייט עפּעס געזעץ! די געזעלשאַפט קאָן דאָ אַ מינוט ניט באַשטיין אָן געזעץ, און דערפאַר טאָר אויף אים קיין שטויבעלע ניט פאַלען. וואָס אַנבאַטרעפט דעם סופרים קאָורט איז ער דאָך באַטראַכט געוואָרען, ווי דער קדשי קדשים אַליין. איר וועט זיך דאָך דערמאָנען וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן, ווען רוזוועלט האָט זיך פאַרמאָס־

טען צו מאַכען די מינדעסטע ענדערונג אין דער „הייליגקייט פון אלע הייליגקייטען", און מיט אַמאָל איז דאָס אַלעס אַזוי ווי פאַרגעסען געוואָרען. דער וואַגנער געזעץ, אויף וועלכען דער סופרים קאָורט אַליין האָט געגעבען זיין הסכמה אין גאָר פילע פעלע וואָס זיינען פאַרגעבראַכט געוואָרען פאַר אים, ווערט געשטעמפּעלט אַלס די העכסטע אונגעזעצליכקייט, און עס טראָגט זיך איבער'ן גאַנצען לאַנד אַ ביטערער געשריי: יע געזעץ ניט געזעץ, אָבער וואו זיינען די רעכט פון די באָסעס?

ווילט איר דאָך שוין אודאי וויסען, וועלכע רעכטען האָט מען צוגענומען פון די באָסעס, וואָס די גאַנצע פּרעסע מאַכט אַזאַ געפילדער, מוזען מיר אייך דערציילען דאָ אין קורצען, וועגען וואָס עס האַנדעלט זיך.

לעצטען מאָנאַט איז געוואָרען דריי יאָר, זייט די נעשאָנעל לייבאָר רילייש'אָנס באָאַרד, וועמעס אויפגאַבע עס איז, אַז דער וואַגנער געזעץ זאָל אָפּגעהיט און דורכגעפירט ווערען, האָט אַנגעהויבען איר ארבייט און זי האָט טאַקע צוליב דעם אַרויסגעלאָזען אַ רעפּאָרט וועגען דעם וואָס זי האָט פאַרטיג געבראַכט אויפצוטאָן אין דעם משך פון דריי יאָר.

זי האָט דערציילט, דאָס אין דעם משך פון די דריי יאָר האָט זי „געהענדעלט" עלף טויזענט און הונדערט אַכציג ארבייטער שטרייטיגקייטען, אין וועלכע עס זיינען געווען פאַרוויקעלט צוויי מיליאָן, צוויי הונדערט און פערציג טויזענט ארבייטער, און מיט גרויס ערפאָלג. די לייבאָר ר. באָאַרד גיט איבער גאָר פיל זייער אינטערעסאַנטע איינצעלהייטען, אין וועלכע אָבער מיר קענען זיך ניט אַריינלאָזען. אין איניגע פאַלען האָבען די באָסעס זיך געבריקעט געגען דעם באַשלוס פון דער לייבאָר באָאַרד, אָבער אַז דער סופרים קאָורט האָט גע'פּסק'ענט געגען זיי, האָבען זיי זיך געמוזט אונטערגעבען. פילע ארבייטער, וועלכע זיינען געסעקט געוואָרען פון זייערע באָסעס, ווייל זיי האָבען גענומען אַ צו גרויסען אינטערעס אין זייערע יוניאָנס, האָבען די באָסעס געמוזט זיי צוריק אָנשטעלען און נעבאַך באַצאָלען זיי פאַר דער גאַנצער צייט, וואָס זיי האָבען ניט געאַרבייט. אַזוי באַרימט זיך די לייבאָר באָאַרד, און מיט רעכט, אַז זי האָט געטאָן אַ גרויסע טובה ניט נאָר די אָפּגעסעקטע ארבייטער, נאָר די טויזענדער, וועלכע עס האָט געסטראַשעט די סעק פאַר דיזען און ענליכען פאַרברעכען. עס האָט אויך געהאַט אַ היילזאַמע ווירקונג אויף אַנדערע באָסעס, עס זאָל זיך זיי ניט פאַרגלוסטען צו טאָן דאָס זעלבע.

אַלזאָ, די לייבאָר באָאַרד האָט געטאָן, ווי עס זעט אויס, גוט ארבייט. ניט נאָר האָט זי געסעטעלט גאָר פילע סטרייקס, נאָר זי האָט פאַרהיט פון גאָר פילע סטרייקס. האָט זי, דאַכט זיך, באַדאַרפט פון אונזער קאַ־

אין גאַנצען געענדערט די שטימונג. דער באַזוך ווערט באַטראַכט פאַר אַ דעמאָנסטראַציע פון די דעמאָקראַטישע פעלקער געגען די פאַשיסטישע. און עס זעהט אויס, אַז אַזוי האָט עס אויך היטלער אויפגענומען. ער האָט ערב דעם באַזוך פון ענגלישען קעניג אין פראַנקרייך געשיקט, ווי שוין פריהער באַמערקט, זיין פערזענליכען פאַרטרעטער אין לאָנדאָן זיך דורכצורידען מיט לאָרד האַליפאַקס, דעם ענגלישען אויסלענדישען מיניסטער, וועגען שאַפען אַ מער פריינדליכע באַציהונג צווישען דייטשלאַנד און ענגלאַנד.

דאָס אייגענטליך באַווייזט אויך, אַז ווען די דעמאָקראַטישע רעגירונגען טוען עס צו דעמאָנסטרירען זייער איינגקייט דערשרעקען זיך אַ ביסעל די פאַשיסטען און די נאַצים.

די פאַשיסטען און די נאַצים וואָלטען ווייט ניט געווען אַזוי חוצפּה'דיג און וואָלטען ניט אַזוי געבושעוועט ווי ווילדע ים־רויבער, ווען די דעמאָקראַטישע רעגירונגען וואָלטען אַרויסגעוויזען מער איינגקייט און מער אַנטשלאָסענהייט. זיינען אָבער די דעמאָקראַטישע לענדער געווען אַפּאַטיש, ווען די פאַשיסטען האָבען געבושעוועט און דאָס האָט נאָך פאַרגרעסערט זייער חוצפּה.

⁂

אויב אימיצער וויל האָבען אַ פאָרשטעלונג אין וואָס פאַר אַ מאָס די מאַשין נעמט אָוועק די ארבייט פון מענשליכע הענד און ווי גרויס עס איז די צאָל פון די ארבייטער, וואָס זי וואַרפט אַרויס פון פאַבריק אין גאַס, קען ער עס קריגען פון די ציפער, וואָס זיינען די

טעג פאַרעפענטליכט געוואָרען וועגען דער ציגאַרען און ציגאַרעטען אינדוסטריע.

אין יאָר 1921 זיינען אין אַמעריקע געווען 14 טויזענד מיט 579 ציגאַרען פאַבריקען, וואָס האָבען באַשעפטיגט 112 טויזענד ארבייטער. עס זיינען שוין אויך דעמאָלט געווען מאַשינען וואָס האָבען געמאַכט ציגאַרען, אָבער פון די דערמאָנטע 112 טויזענד ארבייטער זיינען די מייסטע געווען באַשעפטיגט ביי האַנד־געמאַכטע ציגאַרען.

אין יאָר 1935 זיינען אין לאַנד געווען בלויז 5 טויזענד און 292 ציגאַרען פאַבריקען, וואָס האָבען באַשעפטיגט 56 טויזענד ארבייטער. עס הייסט, אַז די צאָל ארבייטער איז געפאַלען אויף אַ העלפט. אָבער דער פאַרלוסט דאַרף דאָך ניט געשטעלט ווערען אין גאַנצען אויף דעם חשבון פון די נייע מאַשינען, וואָס זיינען איינגעפירט געוואָרען אין דער ציגאַרען אינדוסטריע. אַ טייל אין דעם פאַרלוסט האָט אויך דער פאַקט, וואָס מען האָט אָנגעפאַנגען רויכערען ווייניגער ציגאַרען אין אַמעריקא און מען רויכערט מער ציגאַרעטען. אין די אָנגעגעבענע יאָרען צווישען 1921 און 1935 איז דאָס רויכערען פון ציגאַרען געפאַלען אויף 30 פּראָצענט און לויט דעם חשבון קומט אויס, אַז 34 טויזענד ארבייטער האָבען געדאַרפט פאַרלירען זייער ארבייט. עס האָבען אָבער פאַרלאָרען די ארבייט 56 טויזענד, עס הייסט 22 טויזענד מער און דאָס האָט מען צו פאַרדאַנקען די מאַשינען. אין דער ווירקליכקייט האָבען די מאַשינען צוגענומען נאָך מער ארבייט ביי די ציגאַרען מאַכער, ווייל מען דאַרף נעמען אין באַטראַכט, אַז אין די 15 יאָר איז דער ארבייטס־טאָג באַדייטענד פאַר־

קלענערט געוואָרען און ווען ניט די מאַשינען וואָלטען מער ארבייטער פון די אַרויסגעוואָרפענע געקראָגען ארבייט.

אין 1921 זיינען אין אַמעריקא געווען 68 ציגאַרעטען פאַבריקען מיט 21 טויזענד און 500 ארבייטער. אין יאָר 1937 זיינען געבליבען בלויז 29 פאַבריקען אָבער די צאָל ארבייטער איז אין זיי געשטיגען. עס זיינען נעמליך געווען 26 טויזענד און 146. נאָר ווען מען נעמט אין באַטראַכט, אַז די ציגאַרעטען פּראָדוקציע איז ריזיק געוואַקסען, אַז בלויז אין דער צייט צווישען 1933 און 1937 איז זי געשטיגען אויף 50 פּראָצענט, זעהט מען, אַז ווען ניט די נייע מאַשינען וואָלט אין די דערמאָנטע פיר יאָר אַליין די צאָל ארבייטער געדאַרפט שטייגען אין דער ציגאַרעטען אינדוסטריע אויף 50 פּראָצענט און ווען מען נעמט דאָס שטייגען פון דער פּראָדוקציע פאַר דער גאַנצער צייט פון 1921 ביז 1937 האָט די צאָל ארבייטער אין דער ציגאַרעטען אינדוסטריע, ווען ניט די נייע מאַשינען, געדאַרפט זיין איבער 50 טויזענד.

מיט דער איינפירונג פון נייע מאַשינען און מיט דער מעכאַניזירונג פון דער ציגאַרען אינדוסטריע איז אויך געפאַלען דער ארבייטס־לוין. דעם פּלאַץ פון די געלערענטע ציגאַר־מאַכער, וואָס זיינען געווען באַשעפטיגט ביי האַנד־געמאַכטע ציגאַרען, האָבען צום גרעסטען טייל פאַרנומען ניט קיין געלערענטע ארבייטער. ביי די ציגאַרען־מאַשינען ארבייטען כמעט אין גאַנצען בלויז פרויען. אַמאָל איז דער ציגאַרען טרייד געווען אַ מענערשער. דער ציגאַרען־טרייד האָט געגעבען דער אַמעריקען פעדערייש'אָן אָוו לייבאָר איר ערשטען און גרעסטען פּרעזידענט — סעמיועל גאָמפּערס.

טאָג ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין. אין לויף פון דעם געשלעג איז דער גריכישער יוניאַן־פירער; לואיס טיקאַס, און דער סעקרעטאַר פון דעם לאַדלאָו מיינערס לאָקאַל, גענומען געוואָרען געפאַנגען פון דער מיליציע. ליוטענענט לונדערפעלט האָט צובראָכען אַ פּריקלאַד פון אַ ביקס אויפ'ן קאָפּ פון דעם גריכישען יוניאַן־פירער טיקאַס, און שפּעטער געטויטעט סיי טיקאַס'ן, סיי דעם סעקרעטאַר פון דער יוניאַן, אונטער דעם אויסרייד, אַז זיי האָבען כלומרשט געמאַכט אַ פּרוּוו צו אַנטלויפען. די סטרייקענדיגע קוילען גרעבער זיינען געוואָרען אַזוי אויפגעצאַרענט פון די מערדערייען אויף זייערע יוניאַן־פירער, אַז זיי האָבען געכאַפּט אַ מיליציאַנט און האָבען אים געטויטעט.

די מיליציע האָט געפונען אַן אויסרייד כדי צו מאַכען אַ שוידערליכען פּאָגראָם אויף די סטרייקענדיגע קוילען־גרעבער. די מיליציע האָט מיט מאַשין־ביקסען באַפאַלען די ביידלאַך פון די קוילען גרעבער און ווען די מיליציע האָט פאַרכאַפּט דעם גאַנצען קעמפּ פון די קוילען־גרעבער אין לאַדלאָו האָבען זיי באַגאָסען מיט קעראָסין די ביידלאַך און פאַרברענט זיי צוזאַמען מיט די מענשען וואָס האָבען זיך דאָרטען געפונען. עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז עלף קינדער און צוויי פרויען זיינען פאַרברענט געוואָרען אין די אונטערגעצונדענע הייזלאַך.

דעם קאָראָנערס דזשורי, וואָס האָט אונטערזוכט דעם גאַנצען ענין, האָט אין אַ באַריכט צוגעגעבען, אַז די נעשאַנאַל גאַרד איז פולקאָם פאַראַנטוואָרטליך פאַר דעם טויט פון די קינדער און פרויען.

די גאַנצע אַרבייטער באַוועגונג אין קאָלאָראַדאָ סטייט איז אויפגעברויזט געוואָרען פון די מערדערייען אויף די סטרייקענדיגע קוילען־גרעבער און זייערע פרויען און קינדער. עס איז אַרויסגעלאָזט געוואָרען אַ רוף צו דער גאַנצער אַרבייטער באַפעלקערונג, אַז מען זאָל זיך נעמען צו וואָפען כדי צו באַשיצען די לעבענס און די היימען פון די אַרבייטער.

דער רוף פון די אַרבייטער־פירער אין קאָלאָראַדאָ האָט זיך געלייענט:

„אָרגאַניזירט די אַרבייטער אין אייער געגענט אין וואָלונטירען אָפּטיילונגען, צו באַשיצען די אַרבייטער פון קאָלאָראַדאָ. באַוואָפענטע מערדער זיינען אין דינסט פון די קוילען־מאַגנאַטען. אונטער דער מאַסקע פון מיליציאַנערען, מאָרדען זיי מענער, פרויען און קינדער. זאַמעלט צונויף געווער און אַמוניציע זיך צו פאַרטיידיגען!

„דער שטאַט גיט אונז ניט קיין שוץ. מוזען מיר זיך אַליין באַשיצען. מיר מוזען באַשיצען אונזערע פרויען, קינדער און היימען פון אָט די מערדער!”

ווען די סטרייקענדיגע קוילען גרעבער האָבען דערזען, אַז די גאַנצע אַרבייטער באַוועגונג איז גרייט צו שטיצען און העלפען זיי, זיינען זיי געוואָרען מוטיגער, האָפנונגספולער און געקראָגען אַ גלויבען אין זייערע אייגענע כחות. דעם 22טען אַפּריל, 1914, האָבען די קוילען גרעבער פאַרכאַפּט די עמפּייער קוילען־גרובען און פאַרניכטעט די גאַנצע מיין איבערלאָזענדיג בלויז אַש. פינף הונדערט באַוואָפענטע קוילען־גרעבער האָבען מיט אַ מערקווירדיגען מוט צוריקגעשלאָגען אַלע אָנפאַלען פון דער מיליציע אויף זייערע ביידלאַך אין קעמפּ אגוליאַ, און ביים געשלעג זיינען דער'הרג'עט געוואָרען דריי באַוואָפענטע געדונגענע שלעגער.

דעם 29טען אַפּריל 1914 האָבען הונדערט באַוואָפענטע גאַרדס פון די קוילען־קאָמפּאַניס געפּרוּווט אַרויסזעצען פיר הונדערט סטרייקערס, וואָס האָבען זיך באַזעצט לעבען וואַלסענבורג. די סטרייקענדע קוילען גרעבער האָבען צוריקגעשלאָגען און האָבען גלייכצייטיג פאַרכאַפּט די קוילען גרובען אַרום פאַרביוס און האָבען פאַרברענט די הייזער פון די קוילען־קאָמפּאַניס. אין דעם געשלעג זיינען זיבען באַוואָפענטע געדונגענע מערדער און עטליכע קוילען־גרעבער געטויטעט געוואָרען.

די גאַנצע בורזשואַזיע פון קאָלאָראַדאָ סטייט האָט זיך דערשראָקען פאַר דעם צאָרן און אויפברויז פון די אַרבייטער אין יענעם געגענט. די בורזשואַזיע האָט זיך געווענדעט צו דעם דעמאָלדיגען פּרעזידענט ווילסאָן, וועלכער האָט געגאָלטען אַלס אַ ליבעראַל, אַז ער זאָל זיך אַריינמישען און זען אָפּשטעלען דעם קאַמף צווישען די קוילען גרעבער און די קוילען קאָמפּאַניס. דעם 29טען אַפּריל האָט פּרעזידענט ווילסאָן באַפוילען אַריינצושיקען אין קאָלאָראַדאָ סטייט אַ גרויסע צאָל פעדעראַלע סאָלדאַטען. דער דעמאָלדיגער קריגס־מיניסטער, געריסן, האָט אַרויסגעגעבען אַ באַפעל, אַז סיי די סטרייקענדע קוילען גרעבער, סיי די באַוואָפענטע שלעגער פון די קוילען קאָמפּאַניס זאָלען איבערגעבען זייערע געווער צו די פעדעראַלע מיליטער, און דערביי פאַרזיכערט, אַז פּרעזידענט ווילסאָן וועט שליכטען דעם סטרייק פון די קוילען גרעבער מיט די קוילען קאָמפּאַניס.

פּרעזידענט ווילסאָן האָט טאַקע געמאַכט אַ פּרוּוו צו שליכטען דעם סטרייק און האָט אויסגעאַרבייט אַ רייע פּונקטען, וואָס ביידע צדדים האָבען געדאַרפט אָננעמען. די קאָנווענשאָן פון די קאָלאָראַדאָ קוילען־גרעבער האָט די פּונקטען פון פּרעזידענט ווילסאָן אָנגענומען, אָבער די קוילען־מאַגנאַטען האָבען די פּונקטען נישט געוואָלט אָננעמען. אין נאָוועמבער, 1914, האָט ווילסאָן ווידער געמאַכט אַ פּרוּוו צו שליכטען דעם סטרייק דורך אַ פאַרמיטלונגס־קאָמיסיע, און ווידער האָבען די קוילען־גרובען אייגענטימער נישט געוואָלט וויסען פון קיין שום אָפּמאַך מיט דער יוניאַן. און דעם 10טען דעצעמבער, 1914, נאָך אַ סטרייק וואָס האָט געדויערט העכער פון פופצען חדשים, האָט די יוניאַן אָפיציעל צוריקגערופען דעם סטרייק.

דערביי האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז 42 מענשען האָבען פאַרלאָרען זייערע לעבענס אין־לויף פון די דאָזיגע קאַמפּען.

אָבער נישט קוקענדיג אויף אַלע קרבנות, וואָס די קוילען־גרעבער האָבען געבראַכט פאַר דאָס רעכט צו זיין אָרגאַניזירט און אויסקעמפען אַ בעסערען און מענשליכען לעבען, האָט עס אויף קיין איין מינוט נישט אָפּגעשטעלט דעם דראַנג און באַגער פון די קוילען־גרעבער צו זיין אָרגאַניזירט אין אַ יוניאַן. אין אַ פּאָר יאָר שפּעטער האָבען די קוילען גרעבער פון קאָלאָראַדאָ אָרגאַניזירט אין דער „יונייטעד מיין וואָירקערס יוניאָן”, געווען גרייט ווידער אויפצונעמען אַ קאַמף מיט די קוילען־באַראָנען. די קוילען קאָמפּאַניס פון יענעם געגענט האָבען, ווי עס ווייזט אויס, גאַנץ גוט געדענקט דעם קאַמף פון די קוילען גרעבער און האָבען צוגעשטימט צו שליסען אַן אָפּמאַך מיט דער יוניאַן פון די קוילען גרעבער אויסמיידענדיג אַ נייעם קאַמף.

ברוך מילער

# נישטאָ אמאָליגע צייטען

(דערציילונג)

מר. מאַרגאָלין האָט זיך די לעצטע צייט אַ ביסעל צופיל געזאָרגט, ווייל די האָר אויפ'ן קאָפּ האָבען אים פאַרלאָזט. מען מעג זאָגען אויף אייביג אויף אַלעמאָל. די שמיראַכץ, וואָס ער באַנוצט, העלפט נאָר אַז דאָס גלאַטע קעפעל זיינס זאָל גלאַנצען און אויסזען ווי העלער צעמענט און ווען ער גלעט מיט זיינע הענט זעט אויס ווי ער וויל אויסגעפינען צי מען מעג שוין פאָרען אויף דעם.

אין וואָס איז באַשטאַנען זיינע זאָרג? אַ ביסעל צוליב „סטאַקס”, וואָס זיינער אַ פריינט האָט אים איינגעהאַנדעלט און פון דעם גאַנצען ביסעל מזומן איז אים פאַרבליבען שיינע בויגענס פּאַפּיר מיט בלויע געדרוקטע אותיות און קיילעכדיגע פּעטשאַטען און אין גאַנצע שכנות איז זיך אַזוי בכבוד'יג געלעגען אַ געציקעלטער אונטערשריפט פון דעם פּרעזידענט אַליין. אַז ער קוקט אויף די אַקציעס זיינע, ווערט אים אַזוי אומעטיג. עס באַווייזט זי פאַר זיינע אויגען אַ סך „פּה נקבר'ס” (אויפשריפטען אויף מצבות). הינטער זיי ליגט באַגראָבען אַזוי פיל געלד זיינס... דאָס איינציגע וואָס מאַרגאָלין קאָן איצט טאָן, איז נאָכזאָגען אַ גוטען שבח זיינע דאָלאַרען...

ער האָט זיך אויך געזאָרגט וואָס פון זיין מאַדאַם מאַרגאָלין איז געוואָרען אַ פּאָס. כאָטש נעם זי ערגעץ אויף אַ הויכען באַרג און קאַטשע זי אַרונטער. עס איז אים פּשוט אַ חרפּה מיט איר צו כאַפּען אַ שפּאַציר. ער, אַ שלאַנקער, אַ הויכער, איבער זעקס פוס, און זי, גראָדע אויף די זעלבע מאָס, נאָר אין דער ברייט... ער גיט אַ שפּאַן און זי בלייבט שטיין און פרייכט שווער. מוז ער גיין פּאַמעלאַך ווי ביי אַ לויה... אַז ניט צעשרייט זי זיך אויף אים: — וואָס איז ביי דיר, אַ האָרס ריים, וואָס דו לויפסט? — זאָל ער זיך גיין קריגען מיט איר אין מיטען גאַס? ס'איז גענוג אין דערהיים וואָס מען מאַכט זיך אָפּ מיט דער בלאָטע צוגליך. זי וואַרפט אים אויף אַז איר משפחה האָט אים אַריינגעשלעפּט אין ביזנעס. ווען ניט, וואָלט ער נאָך היינט געווען אַ באַרוועסער, און איצט ברענגט ער אויס געלט אויף פרעמדע פרויען מער ווי אויף איר. אויך אין דערהיים מוז ער שווייגען. אַז ניט צע'חלש'ט זי זיך אַזוי אַז די גאַנצע משפחה לויפט זיך באַלד צונויף און מען מוסר'ט אים, און מען סטראַשעט אים מיט געזעץ. איין שוואָגער זיינער האָלט אַפילו אָנגעגרייט אַ קולאַק ווי איינער רעדט: „עפען נאָר דיין מיילכעל און דו קריגסט אַ זעץ אַז דו וועסט זען דיין באָבען אין חלום” — נו, האָט ער שכל און שווייגט...

אָבער מער פאַר אַלצדינג זאָרגט זיך מאַרגאָלין וואָס זיין שאָפּ איז אָרגאַניזירט, און לויט זיין מיינונג האָבען די אַרבייטער מער צו זאָגען אין שאָפּ ווי ער. אַמאָל האָט ער געקענט פאַרגלעטען אַ פאַרלוסט איינס און צוויי. ארונטערגענומען פון די פּרייזען, געאַרבייט אַ ביסעל לענגער יעדען טאָג... און דער פאַרלוסט איז ניט געפאַלען אַזוי שווער אויף אים... אָבער היינט ווילען זיי פון גאָרניט וויסען; זיי דאַרפען זיך קריגען זייערס און פאַרטיג...

דערפאַר איז ער געזעסען איינמאָל ביים לאָיער אין אָפיס ווען זיינער אַ קונד האָט אים באַנקראָטירט, און געבעטען זיך ביים לאָיער: — געפינט אויס אפשר האָט ער פּאָליסיס, אפשר שערס, אַז ניט בין איך אַן אומגליקליכער מענש, דער שאָדען וועט זיין דורכאויס מיינער, עס איז ניט אַמאָליגע צייטען... — ער האָט געפילט ווי אָט־אָט צעוויינט ער זיך.

דער לאָיער האָט אים פאַרזיכערט, אַז ער האָט גוט חוקר ודורש געווען, און אים געזאָגט שטיל אויפ'ן אויער, אַז דער באַנקראָטירטער ווייס גוט פון געזעץ און ער האָט זיך גוט באַוואָרענט... פּונקט ווי ער, מאַרגאָלין, האָט אַמאָל געטאָן... און ער בעט אים, אַז ער זאָל זיך אויפפירען ווי עס באַדאַרף צו זיין, זיך ניט בונטעווען, ווייל עס וועט זיין אומזיסט. „געזעץ איז געזעץ”...

חוץ מאַרגאָליענן זיינען דאָרט געווען נאָך פיר קרעדיטאָרען און אויבענאויף האָבען אַלע געשמייכעלט. דאָס האָט געזאָלט מיינען, אַז זיי הויבט עס ניט אָן צו אַרען. דערפאַר אָבער האָבען זיי דעם באַנקראָטירטען אין זייערע הערצער „געבענשט”: — זע נאָר ווי ער זיצט און שמייכעלט זיך אַזוי? עס זאָל אין דיר אַזוי פּלאַצען די גאַל ווי אין מיר... — אָדער אַ שטייגער: — פאַרוואָס האָט ער זיך ניט צעבראָכען די פיס ווען ער איז געקומען צו מיר קויפען קליידלאַך!

מאַרגאָלין האָט אויף אים געקוקט ווי אַ וואָלף אויף אַ שעפעלע. לאָזט אים נאָר צו, און ער וועט אים ווייזען ווי אַזוי צו קומען און נעמען סחורה ווען ער האָט שוין געהאַט די שלעכטע מחשבה וועגען באַנקראָטירען: „פאַרוואָס האָט ער דאָס צו אים געטאָן, אָט דער לומפּ?”

דער לאָיער האָט זיי באַלד אַלעמען אונטערגערוקט לאַנגע בויגענס פּאַפּיר און געהייסען זיי אַז זיי זאָלען אונטערשרייבען. האָבען זיי געקוקט אין די פּאַפּירען. איינער האָט געוואָלט ווייזען פאַר דעם צווייטען אַז ער ווייס וואָס עס טוט זיך אין די קליינע אותיות... האָט מען כלומרשט אַרויסגענומען שפּאַקולען און אָנגעזאָטעלט אויף בייכיגע נעזער. אין דער אמת'ן האָט קיינער פון זיי ניט געלייענט. ביים אונטערשרייבען איז דאָס צוגעגאַנגען אויף פאָלגענדען אופן: אַזוי שנעל ווי איינער האָט נאָר אונטערגעשריבען, האָט זיך דער צווייטער געטראַכט: „אַז ס'לוינט זיך דיר, לוינט זיך מיר אויך!” מאַרגאָלין איז געווען דער לעצטער־זיך אונטערצושרייבען. און ווי אויף להכעיס האָט דער לאָיער זיין פּאַפּיר באַטראַכט דאָס ערשטע. ער האָט זיך געריסעלט פון זיין חתימה, וואָס האָט אויסגעזען

# די היסטארישע קאמפען פון דעם אמעריקאנישען ארבייטער קלאס

## די שחיטה אויף די קוילען־גרעבער אין לאדלאו



י קאמפען וואס זיינען פארגעקומען, אין די יארען 1913—1914, פון די קוילען גרעבער געגען די קוילען־מאגנאטען, אין קאלאראדא סטייט, איז איינער פון די בלוטיגסטע קאפיטלאך אין דער געשיכטע פון דעם אמעריקאנער ארבייטער קלאס.

ווען מען לייענט איצט די געשיכטע פון יענע קאמפען, וואס זיינען פארגעקומען אינגאנצען מיט א פערטעל יארהונדערט צוריק, דוכט זיך, אז די דאזיגע געשעהענישען און פאסירונגען זיינען פארגעקומען אין דער וויטער פארגאנגענהייט, אין מיטעלאלטער, אבער נישט אין דעם צוואנציגסטען יארהונדערט און נישט אין דער דעמאקראטישער פרייער אמעריקע. עס איז נישט געווען קיין געוויינליכער סטרייק צווישען ארבייטער און באלעבאטים. נאר עס איז פארגעקומען אן אמת'ע מלחמה — א מלחמה מיט געפאנצערטע אויטאמאבילען און מאשין־ביקסען. און די געדונגענע שלעגער פון די קוילען־קאמפאניס און פון דער מיליציע האבען געפירט די מלחמה געגען די ארבייטער מער אכזריות'דיג און זיינען באגאנגען מער געמיינהייטען ווי אין א מלחמה געגען א שונא.

לאמיר דא איבערגעבען די געשעענישען פון יענער צייט אויף א כראנאלאגישען אופן.

די קוילען־אינדוסטריע אין קאלאראדא איז אין די יארען 1913—1914 געווען אונטער'ן קאנטראל פון דריי ריזיגע קאמפאניס: „די קאלאראדא אייראן ענד פיועל קאמפאני", וואס האט באלאנגט צו די ראקעפעלערס; די „וויקטאר אמעריקען פיועל קאמפאני", און די „ראקי מאונטיין פיועל קאמפאני". די איבעריגע קוילען־קאמפאניס זיינען דיקטירט געווארען פון די דאזיגע דריי גרויסע קאמפאניס.

די קוילען בארגען פון קאלאראדא זיינען נישט נאר געווען די באלעבאטים פון די דארטיגע קוילען־גרובען, נאר זיינען געווען די פאקטישע הערשער פון דעם גאנצען עקאנאמישען און פאליטישען לעבען פון קאלאראדא סטייט. פון דעם גאווערנאר ביז א פאליסמאן, סיי דער באנקיר און סיי דער קרעמער איז געשטאנען אונטער'ן פולען קאנטראל פון די אויבען־דערמאנטע קוילען קאמפאניס. דער דעמאלדיגער גאווערנאר פון קאלארדא, איימאנס, איז געווען א שוואגער פון איינעם פון די קוילען־מאגנאטען. אחוץ דעם האלטען די קוילען־קאמפאניס אויף אייגענע פריוואטע ארמייען, וואס באשטייען פון פארברעכערישע עלעמענטען.

די עקאנאמישע באדינגונגען פון די קוילען־גרעבער אין קאלאראדא סטייט זיינען געווען שוידערליכע. די דורכשניטליכע וועדזשעס איז געווען צוויי דאלאר מיט 61 סענט א טאג. אבער אט די שכירות האבען די קוילען־גרעבער אויך נישט געקראגען אין קעש (מזומן געלט). די קוילען גרעבער האבען געמוזט וואוינען אין די הייזלאך, וואס די קאמפאניס האבען געבויט פאר זיי און געמוזט קויפען אין די קראמען, וואס די קאמפאני האט אויפגעהאלטען אין דעם געגענט. אחוץ דעם פלעגען די קוילען קאמפאניס ארונטעררעכענען פון די וועדזשעס פאר מעדיצינישע אונטערזוכונגען, פארלוסטען און אנדערע צושטייערונגען.

די קוילען גרעבער פון קאלאראדא האבען עטליכע מאל געמאכט א פרווו צו ארגאניזירען זיך אין א יוניאן. נאך אין 1884 האבען די קוילען־גרעבער פון קאלאראדא ארגאניזירט זיך אין א יוניאן, אבער יעדעס מאל פלעגען די קוילען־בארגען צושמעטערען די יוניאן. די קוילען מאגנאטען פלעגען אין טייל יוניאן־ארבייטער פשוט דעפארטירען און א צווייטען טייל ארבייטער האלטען אונטער'ן אייזערנעם קנאפעל. דערצו פלעגען די קאמפאניס אימפארטירען אלע מאל פרישע גרינע אימיגראנטען פון פארשידענע נאציאנאליטעטען, כדי זיי זאלען זיך נישט קענען צונויפריידען און גרינדען א יוניאן.

אבער אין יאר 1900 איז די „יונייטעד מיין וואירקערס" פון דער אמעריקען פעדערישאן אוו לייבאר געלונגען צו ארגאניזירען א לאקאל אין קאלאראדא. די

### פון א. יאזעפסאן

קוילען גרעבער זיינען געווען אזוי גערן צו ארגאניזירען זיך, אז אין איין יאר איז געשאפען געווארען א דיסטריקט ארגאניזאציע מיט פופצען יוניאן לאקאלען.

די יוניאן פון די קוילען־גרעבער איז געוואקסען פון טאג צו טאג און אזוי ווי די ארבייטס־באדינגונגען זיינען געווען קלעגליכע, האבען די ארבייטער זיך געריסען צו א סטרייק. די פירערשאפט פון דער יוניאן האט קוים געקענט איינהאלטען די קוילען־גרעבער נישט צו סטרייקען.

אין אויגוסט, 1913, האט פרענק העיס, וויס פרעזידענט פון די „יונייטעד מיין וואירקערס", אויפגעפאדערט די קוילען קאמפאניס צו א קאנפערענץ מיט די יוניאן פארשטייער. די קוילען מאגנאטען האבען די פאדערונג חוצפה'דיג אפגעזאגט. עס איז גלייך גערופען געווארען א קאנווענשאן פון אלע לאקאלע יוניאנס פון קאלאראדא און ניו מעקסיקא, וואו עס איז באשלאסען געווארען צו ענטפערען אויף דעם אפזאג פון די קוילען־קאמפאניס מיט א סטרייק.

דעם 23טען סעפטעמבער, 1913, זיינען העכער פון עלף טויזענט קוילען גרעבער אין קאלאראדא ארויס אין סטרייק.

די פאדערונגען פון די קוילען גרעבער זיינען געווען:

1) אנערקענונג פון דער יוניאן.
2) א העכערונג פון צען פראצענט אויף די וועדזשעס.
3) דאס רעכט פון די ארבייטער צו וואוינען און קויפען אין אנדערע פלעצער אחוץ אין די וואוינונגען און געשעפטען פון דער קאמפאני.
4) אפשאפען די סיסטעם פון געדונגענע באוואפענטע וועכטער (גארדס) אין די קוילען גרובען.
5) קריגען באצאלט פאר אפראמען שטיינער, געהילץ און דעסגלייכען.

אזוי גיך ווי דער סטרייק פון די קוילען־גרעבער איז דערקלערט געווארען האבען די קוילען בארגען גלייך ארויסגעווארפען די סטרייקער פון די הייזער.

די סטרייקער האבען זיך געריכט אויף אזא האנדלונג פון די קוילען־קאמפאניס, האבען זיי אפגעדונגען שטיקער לאנד אין לאדלאו, נישט ווייט פון די קוילען־גרובען, און דארט אויפגעשטעלט ביידלאך אין וועלכע די סטרייקערס מיט זייערע פאמיליעס האבען זיך אריינגעקליבען.

די קוילען קאמפאניס האבען אימפארטירט עטליכע הונדערט באוואפענטע שלעגער (גארדס) פון דער „באלדווין פעלטס איידזשענסי" און דער שעריף האט זיי איינגעשוואוירען אלס דעפיוטיס. די געדונגענע דעטעקטיווס האבען זיך גענומען צו טעראריזירען די סטרייקענדע קוילען גרעבער.

די טורמעס אין יענעם געגענד זיינען גלייך איבערפילט געווארען מיט סטרייקענדיגע קוילען גרעבער. דעם 16טען אויגוסט האבען די געדונגענע שלעגער געטויטעט א יוניאן־ארגאנייזער און דעם 17טען אקטאבער האבען א מחנה באוואפענטע דעטעקטיווס און געדונגענע שלעגער געקומען מיט צוויי באוואפענטע אויטאמאבילען און האבען מיט מאשין־ביקסען געשאסען אין די ביידלאך פון די קוילען גרעבער. צוויי מיינערס זיינען געטויטעט געווארען אויפן פלאץ און א אינגעל איז פארוואונדעט געווארען.

אין א פאר טעג שפעטער האבען די באוואפענטע מערדער געשאסען אין א פרידליכער פארזאמלונג, וואס איז אפגעהאלטען געווארען אין וואלענסבורג. דריי סטרייקענדיגע קוילען גרעבער זיינען געטויטעט געווארען און עטליכע זיינען פארוואונדעט געווארען.

אבער די קוילען־מאגנאטען זיינען נאך אלץ נישט געווען צופרידען מיט דער טעטיגקייט פון זייערע געדונגענע שלעגער און דעטעקטיווס, האבען די קוילען־קאמפאניס געפאדערט פון גאווערנאר, אז ער זאל שיקען אין דעם קוילען דיסטריקט די נעשאנאל גארד. דער גאווערנאר האט, נאטירליך, צוליב געטאן די קוילען־בארגען און דעם 26טען אקטאבער, 1913, איז די גאנצע נעשאנאל גארד פון קאלאראדא סטייט געקומען

קיין לאס אנימאס און העפנא קאונטיס און האבען פארנומען א קריגס־פראנט, ווי מען זאגט אויפ'ן מיליטערישען לשון, פון הונדערט און צוואנציג מייל.

אין אנהויב האבען די קוילען גרעבער געמיינט, אז די נעשאנאל גארדס וועט זיך האלטען אומפארטייאיש און זיך נישט מישען אין דעם קאמף, וואס קומט פאר צווישען די קוילען גרעבער און די קוילען קאמפאניס. דעריבער ווען די נעשאנאל גארד איז צום ערשטען מאל געקומען קיין לאדלאו האבען די קוילען־גרעבער זיי אפילו באגעגנט מיט א פאראד און מיט אן אייגענעם מוזיק בענד. אבער ווען די מיליציע האט גענומען באשיצען די סטרייק ברעכער האבען די קוילען גרעבער גלייך דערזען אויף וואס פאר א צד די מיליציע איז.

די געדונגענע דעטעקטיווס צוזאמען מיט דער מיליציע האבען אנגעווענדעט אלערליי פראוואקאטארישע מיטלען געגען די סטרייקענדע קוילען גרעבער. די מיליציע צוזאמען מיט די דעטעקטיווס פלעגען ארומפארען שפעט ביינאכט אין געפאנצערטע אויטאמאבילען, צווישען די ביידלאך וואו די סטרייקער פלעגען זיך אויפהאלטען, און האבען מיט ריזיגע רעפלעקטארס (שיין־ווארפערס) נישט געלאזט די סטרייקער שלאפען, אבער די סטרייקער האבען זיך נישט געלאזט פראוואצירען און געהאלטען זיך פרידליך.

דעם 10טען נאוועמבער האבען א מחנה באוואפענטע געדונגענע שלעגער פארפירט א קאמף מיט די סטרייקער. די סטרייקער האבען געשלאגען צוריק און דער סוף איז געווען, אז פיר פון די געדונגענע שלעגער זיינען געטויטעט געווארען.

די האנדלונגען פון דער מיליציע און באוואפענטע דעטעקטיווס האט ארויסגערופען א שטורם אין דער גאנצער היגער ארבייטער באוועגונג. די קאלאראדא סטייט פעדערישאן אוו לייבאר האט גערופען א ספעציעלע קאנפערענץ פון ארבייטער פירער אויף דעם 18טען דעצעמבער 1913. אויף דער קאנפערענץ זיינען געווען פארטראטען פינף הונדערט דעלעגאטען פון יוניאנס. דער גאווערנאר פון סטייט, איימאנס, האט כלומרשט געמאכט אן אנשטעל פון אומפארטייאישקייט און אויפגעפאדערט דעם פרעזידענט פון דער קאלאראדא פעדערישאן אוו לייבאר צו באשטימען א קאמיסיע, וואס זאל אונטערזוכען די קלאגען געגען דער מיליציע. די אונטערזוכונגס־קאמיסיע האט פעסטגעשטעלט, אז דער אנפירער מיט דער מיליציע, גענעראל טשייס, איז נישט פאסיג פאר אזא אויפגאבע, אז די מיליציע איז פארטייאיש צו די קוילען בארגען און אז א גרויסע צאל סאלדאטען פון דער מיליציע זיינען פריער געווען אליין באשעפטיגט אלס געדונגענע שלעגער פון די קוילען־אייגענטימער.

נאך מער. נישט נאר די אונטערזוכונגס־קאמיסיע פון די ארבייטער האבען פעסטגעשטעלט, אז די מיליציע און די געדונגענע שלעגער זיינען פאראנטווארטליך פאר די בלוטיגע געשלעגען וואס קומען פאר צווישען די סטרייקענדיגע קוילען גרעבער און די באוואפענטע מערדער, נאר אויך די אונטערזוכונגס־קאמיטע פון דעם אמעריקאנער קאנגרעס האט צוגעשטעלט א באריכט וואו עס זאגט זיך:

„די קאנגרעס־קאמיטע געפינט פאר נויטיג צו דערקלערען אין איר באריכט צום קאנגרעס וועגען דער טעטיגקייט פון דעם קאמאנדיר טשייס.

„דזשאן מ. טשייס איז געווען דיקטאטאריש, אומערטרעגליך פאר יעדען איינעם, וואס איז נאר געקומען מיט אים אין בארירונג".

און ווייטער זאגט דער באריכט:

„די מענשען וואס זיינען פריער געווען אנגעשטעלט אלס וועכטער אין די קוילען־גרובען, זיינען אנטוואפענט געווארען. זיי זיינען אבער תיכף איינגעשריבען געווארען ווי מיטגלידער פון דער מיליציע און האבען צוריק באקומען זייערע ביקסען".

אבער נישט קוקענדיג דערויף, וואס די אונטערזוכונגס־קאמיטעס האבען פעסטגעשטעלט, אז די מיליציע און די געדונגענע שלעגער זיינען שולדיג אין אלע אומרוען, האט די מיליציע אונטער דער אנפירונג פון מעיער פעט האמראק, דעם 20טען אפריל 1914, פארפירט א געשלעג מיט די סטרייקענדע קוילען גרעבער אין לאדלאו. דער געשלעג האט אנגעהאלטען א גאנצען

# אין דער וועלט פון ארבייט

## ניו זילאנד ווערט א מיטגליד פון ארבייטער אינטערנאציאנאל



די פאמיליע פון לענדער, וואס זיינען אנגעשלאסען אן דער אינטערנאציאנאלער פעדעראציע פון טרייד־יוניאנס, האט זיך לעצטען מאנאט פארגרעסערט. עס איז צוגעקומען נאך א מלוכה — ניו זעלאנד, די זיבען און־צוואנציג אין צאל.

די דאזיגע נייעס איז באקאנט געווארען אויף דעם לעצטען מיטינג פון דער ביורא פון טרייד־יוניאן אינטערנאציאנאל וואס האט אפגעהאלטען איר זיצונג דעם 7־טען יולי אין פאריז.

די „ניו זילאנד פעדערײשאן אוו לייבאר", מיט העדקווארטערס אין וועלינגטאן, הויפט־שטאט פון דער ניי־זעלענדישער דאמיניאן־מלוכה, איז דער נאמען פון דעם נייעם מיטגליד.

דער צוזאמענפאר פון דער ביורא האט די נייעס אויפגענומען מיט גרויס פרייד און איינשטימיג באשלאסען צו רעקאמענדירען די מיטגלידער פון דזשענעראל קאונסיל גוטצוהייסען די אפליקאציע.

די מיטגלידער פון טרייד־יוניאן אינטערנאציאנאל — און צו זיי באלאנגען אויך די מעמבערס פון אונזער אייגענער אינטערנעשאנעל — האבען ספעציעלע אורזאכען צו שטאלצירען מיט דעם נייעם ערפאלג. ניו זילאנד איז שוין לאנג באקאנט אלס א „לאנד אהן סטרייקס", א מין „ארבייטער גן־עדן". דעם טיטול האט זי געקראגען אין דער ארבייטער ליטעראטור צוליב דער גרויסער צאל פראגרעסיווע ארבייטער געזעצען וואס זיינען דארט דורכגעפירט געווארען פיל פריהער ווי אין די מערסטע אייראפייאישע לענדער.

די לעצטע דריי יאר איז די ארבייטער פארטיי דארט די הערשענדע פארטיי. איר רעגירונג פירט דארט דורך אזעלכע ראדיקאלע ארבייטער געזעצען און געוואגטע סאציאלע רעפארמען, וואס האבען אוועקגעשטעלט די יונגע דאמיניאן רעפובליק אין דער ערשטער רייהע פון דער קליינער צאל לענדער וואס באמיהען זיך איבערצובויען דאס לעבען אויף סאציאליסטישע יסודות, אהן דיקטאטור און אהן טעראר. אין דער דאזיקער לייבאר פארטיי באלאנגט די הויפט דעה צו די יוניאנס, צו דער פעדערײשאן אוו לייבאר. איר אנשליסונג אן דעם טרייד־יוניאן אינטערנאציאנאל גיט צו אונזער קערפערשאפט א נייעם פרעסטיזש.

דערצו ברענגט מיט זיך די אפליקאציע פון ניו זילאנד אן אומדירעקטע פארשפרעכונג, אז אויך די שכנישע דאמיניאן רעפובליק, אויסטראליע, וועט אין דער נאהענטער צוקונפט ווערען א טייל פון דעם טרייד־יוניאן אינטערנאציאנאל. אין דעם מאמענט אבער איז די ניו־זילאנד פעדערײשאן אוו לייבאר, די ערשטע קערפערשאפט פון יענעם טייל פון וועלט־קוגעל, זיך אנצושליסען אן אינטערנאציאנאל. די יוניאנס פון אויסטראליע, טאסמאניע און ניו־זילאנד האבען ביז איצט זיך געהאלטען אינגאנצען אפגעזונדערט פון דער אייראפייאישער ארבייטער באוועגונג און קיינמאל ניט ארויסגעוויזען דעם מינדסטען חשק זיך אנצושליסען אן דעם טרייד־יוניאן אינטערנאציאנאל.

עס איז דא נאך אן אורזאך פארוואס די טוער פון אינטערנאציאנאל שטאלצירען מיט דער דערגרייכונג. מיט צוויי יאר צוריק האט דער אינטערנאציאנאל, אויף זיין קאנגרעס אין לאנדאן, אין 1936, ארויסגעלאזען א דרינגענדען רוף צו די צענטראלע יוניאן קערפערשאפטען וואס שטייען אין דרויסען, זיך אנצושליסען אן אים, אן דעם וועלט־פארבאנד פון טרייד־יוניאנס. אלס אן ענטפער אויף דעם רוף זיינען פאר די צוויי יאר צייט אריין אין אינטערנאציאנאל די צענטראלע יוניאן קערפערשאפטען פון נארוועגיע, פון מעקסיקא און פון די פאראייניגטע שטאטען. דער גענעראל ראט פון דער אירלענדער פעדערײשאן אוו לייבאר האט געלאזט וויסען, אז ער איז פאר אנשליסונג און וועט עס רעקאמענדירען צו דער קומענדער קאנווענשאן. איצט איז געקומען די גלארייכע פעדערײשאן אוו לייבאר פון דער ווייטער ניו־זילאנד און פארגרעסערט מיט זיך די ארגאניזירטע וועלט־פאמיליע פון יוניאנס.

די סאוועטישע פעדערײשאן או לייבאר איז איצט די איינציגע וויכטיגע צענטראלע קערפערשאפט, וואס איז אויסער דעם טרייד־יוניאן אינטערנאציאנאל. אבער אויך זי איז איינגעלאדען געווארען צו ווערען א מיטגליד. מער ווי א יאר צייט האט זי אויף דער איינלאדונג ניט געענטפערט. ווען דער ענטפער איז נאך א פערזענליכען באזוך פון א ספעציעלער קאמיסיע קיין מאסקווע שוין יא געקומען, האט ער אנטהאלטען אזעלכע פאדערונגען וועגען ענדערען די סטאטוטען (קאנסטיטושאן און בײ־לאָאס) פון דעם אינטערנאציאנאל, דאס וועגען אננעמען זיי האט גאר קיין פראגע ניט געקענט זיין. די אפליקאציע איז דעריבער צוריקגעוויזען געווארען אויפ'ן לעצטען מיטינג פון גענעראל ראט. די אמעריקען פעדערײשאן או לייבאר, די צענטראלע יוניאן קערפערשאפטען פון מעקסיקא, נארוועגיע און ניו־זילאנד האבען ביים אנשליסען זיך ניט ארויסגעשטעלט קיינע באדינגונגען. זיי זיינען אריין אלס גלייכבארעכטיגטע מיטגלידער אין א פעדעראטיווער קערפערשאפט, אין וועלכער אלע לענדער האבען דיזעלבע גלייכע רעכט און דיזעלבע גלייכע פליכטען.

### וואס עס הערט זיך אין דער ארבייטער־באוועגונג אין פארשיידענע לענדער פון דער וועלט

פון מארק כינאי.

## א וואונדערבארער רעקארד

איך האב אויבען געזאגט, אז ניו־זילאנד איז באקאנט אלס דאס „ארבייטער גן־עדן". דעם דאזיגען טיטול האט זי געקראגען נאך מיט א יאר פופציג צוריק, ווען א פראגרעסיווע, ארבייטער פריינדליכע רעגירונג האט אנגעפאנגען א סעריע פון סאציאלע רעפארמען, וואס האבען געפירט צו דעם, אז דאס לאנד האט פארגעסען וואס עס מיינט אן ארבייטער סטרייק. ניי־זעלאנד האט געקראגען דעם נאמען פון א „סטרייקלאזע מלוכה". אלע סכסוכים צווישען ארבייטער און ארבייטסגעבער פלעגען איבערגיין צו ארביטרײשאן און די ענטשיידונגען פון די ארביטרײשאן קאמיסיעס זיינען געווען אבליגאטאריש פאר ביידע צדדים. ליבעראלע פאבריק־געזעצען וועגען ארבייט פון פרויען און קינדער, געזעצען וועגען מינימום ווידזשעס און מאקסימום שטונדען, ארבייטער אינשורענס און עלטער־פענסיעס (אמת, קליינע, בלויז זעקס דאלער א וואך), זיינען שוין לאנג דארט א גארמאלע ערשיינונג.

נארמאל איז אויך דארט געווען די טעטיגקייט פון די יוניאנס מיט זייערע עטליכע הונדערט טויזענט מיטגלידער און א לייבאר פארטיי, וואס זיי האבען געשאפען און קאנטראלירען. „נארמאל" איז געווען די לייבאר פארטיי אין דעם זין, וואס זי האט ניט געפירט קיין אייגענע פאליטיק און פלעגט זיך באנוגענען מיט דעם וואס זי פלעגט שטיצען די ליבעראלע פארטיי און זוכען מיט איר הילף צו שטויסען די רעגירונג אין דער ריכטונג פון ארבייטער געזעצען. דער וועלט־קריזיס האט געבראכט אן ענדערונג אין דער לאגע. די קאנסערוואטיווע פארטיי וואס האט פריהער באזיגט די ליבעראלען און איבערגענומען די רעגירונג, האט פרובירט ענדערען די ליבעראלע געזעצען אדער זיי אינגאנצען צו באקעמפען. דאס האט געפירט צו פארשטארקטען קלאסענבאוואוסטזיין ביי די ארבייטער. ביי די וואהלען פון 1935 האבען זיי נידערגעשטימט די קאנסערוואטיווע רעגירונג און געגעבען דער לייבאר פארטיי א מאיאריטעט.

אן ארבייטער רעגירונג מיט א געוועזענעם קוילען־מיינער אלס פרעמיער, האט אנפאנג 1936 איבערגענומען די מאכט און האט זינט דאן פארוואנדעלט דאס לאנד אין א לאבאראטאריע, וואס זוכט איר איבערצובויען אויף סאציאליסטישע יסודות.

דער סאציאליסטישער „ניו דיל" פון ניו־זילאנד איז שוין באלד דריי יאר אלט און די בירגער גרייטען זיך צו נייע וואהלען. גרייטענדיג זיך צו די עלעקשאנס פירען זיי אונטער א סך־הכל פון דעם וואס די ארבייטער רעגירונג האט אויפגעטאן.

וואס איז דער סך־הכל?

אויף דעם ענטפערט א רייכע ליטעראטור, וואס דער סאציאליסטישער אינטערנאציאנאל און ארבייטער־פריינדליכע געלערטע פון פילע לענדער האבען, נאך א גרינדליכען שטודיום ארויסגעגעבען. די דאזיגע ליטעראטור קען אבער זיין פארטייאיש. וועל איך דעריבער זיך באנוצן פאר מיינע נאטיצען מיט באריכטען, וואס שטאמען פון קריטיקער און אויסגעשפראכענע געגנער. זייער עדות זאגען דערציילט אין דעם פאל מער ווי די לויב־געזאנגען און באריממערייען פון ארבייטער פאטריאטען.

באקלאגט זיך אנומלט אין קריטיקער, א קאנסערוואטיווער קארעספאנדענט פון „טיימס":

„די געזעצגעבונג איבערצובויען דאס לעבען פון לאנד אויף סאציאליסטישע יסודות האט זיך אנגעפאנגען אין פעברואר, 1936. זינט דאן האט די לייבאר פארטיי צוריקגעגעבען די ארבייטער די ווידזש־שניטען, וואס די ארבייטער און די רעגירונג האבען פריהער דורכגעפיהרט. זי האט פארגרעסערט די פענסיע־רעכט פון די מלוכה־אנגעשטעלטע; צוריקגעבראכט די עלטער־פענסיעס צו דער סומע וואס זיי האבען באטראפען אין די פראספעריטי יארען; דורכגעפירט א מארטגיידזש־רעפארם וואס האט שטארק פארקלענערט די מארטגיידזש צאלונגען פון די פארמערס און הויז־אייגענטימער; איבערגענומען דעם פולען קאנטראל איבער דעם געלט און קרעדיט סיסטעם פון לאנד דורך דעם וואס זי האט סאציאליזירט דעם רעזערוו־באנק; אויסגענוצט דעם סאציאליזירטען מלוכה־באנק אום מיט זיין הילף צו פינאנסירען ריזיגע בוי־פלענער פון וואוינונגען פאר דער באפעלקערונג (אויף וואס די רעגירונג גיט אויס 50 מיליאן דאלער א יאר, בויענדיג א דורכשניט פון

---

יידע דער „בעל מופת" מיט זיינע צווישעטע פאנטיקער קלייבען זיך אריבער. די כונה, דער מין איז דא, נאטירליך, צו צושטערען די חתונה פון דער שיינער ייטע'ן מיט איר חתן בעריש...

דער סוף איז, אז בעריש און ייטע שטעלען א חופה אין געהיים. ווען די ווילדע פאנאטיקער דערוויסען זיך, ברייינגט מען זיי צושלעפען און מען וויל זיי פארשטיינען. אבער יידע דערקלערט, אז אויב הרג'ענען, אויב פארשטייגען, דארפען זיי אים. ער ווערט א בעל תשובה...

צוליב דער „אידייע" איז די זאך ארויסגעקומען אביסעל צו פאר'דבקה'ט, אדער „פאר'דיבוק'ט"... א שאד. הייזלער האט דא געהאט מאטעריאל פאר א לוסטשפיל, פאר א פיינער קאמעדיע. ער לאזט וויסען אויפ'ן פאדערבלעטעל, אז די דאזיגע מעשות אין בוך האט ער אנגעשריבען „נישט פאר טעאטער", נאר פאר „לייענערײ". פארוואס עפעס? פארוואס ניט שאפען א גוטע קאמעדיע, וואו מען זאל זען דעם כוח פון'ם איבערגלויבען און אין דערזעלבער צייט זיך פארוויילען און לאכען הארציג?

אבער אפילו פאר „לייענערײ" וואלט עס, אלס קאמעדיע, פיל געוואונען.

נאך מער ווי „דעם רבי'נס יארצייט", שיינט מיר, איז „די פארשאלטענע ברונע" מסוגל פאר'ן טעאטער. דא איז פארהאן מאטעריאל פאר א גרויסען ספעקטאקעל, מיט לעבעדיגע מאסנסצענעס. נאטירליך פאדערט זיך אן איבערארבייטונג פאר דער בינע. אין דער פארם, ווי די זאך איז אנגעשריבען, איז דאס מער צום לייענען. דא ווערט דערציילט די געשיכטע פון א שטעטעל, וואס גייט, אין די הייסע זומער־חדשים, ממש אויס פאר א ריינעם טרונק וואסער, מחמת דער ברונען איז, נאך מיט צענדליגער יארען צוריק, פארשאלטען געווארען פון דעם רבי'ן ר' אייזיקעל, אז ער זאל קיין וואסער ניט געבען... דא לויפען דורך בילדער פון נויט, פון פארשמאכטקייט און פון — ווילדען איבערגלויבען; און דא זיינען אריינגעוועבט בילדער פון שטילער, אידעלער ליבע...

ווי אין הייזלער'ס לידער, און אפשר נאך מער, איז די שפראך, דער אידיש דא לייכט און זאפטיג. ארויסגעגעבען איז דאס בוך זייער שיין, ריין געדרוקט און מיט א פיינעם איינבאנד. מען דארף באגריסען די ארויסגעבער — ברענטש 22 פון אידישען נאציאנאלען ארבייטער פארבאנד און ברענטש 122 ארבייטער רינג — פאר דער איניציאטיווע, וואס זיי האבען גענומען ארויסצוברייגען דאס ווערק פון דעם ברודער־פאעט אויף דער ליכטיגער וועלט. — ווי מען גיט מיר איבער, גרייט זיך דערזעלבער קאמיטעט איינציכען ארויסצוגעבען א דריטע זאמלונג פון הייזלער'ס לידער, וואס ער האט פארעפענטליכט און געשריבען זינט 1930. פארשטייט זיך, אז דאס איז פיל געווענדט אין דעם פארקויף פון זיין בוך „געשעענישען און געשטאלטען".

ווי פלעקלאך. ער האט געטראכט ביי זיך צו זאגען דעם לאיער, אז אלעמאל ווען ער איז ניט גוט געשטימט קומט זיין חתימה אט אזוי ארויס. אבער דער לאיער האט דאס פאפיר גלייך אוועקגעלייגט און אלעמען דערלאנגט די האנט. ווי איינער רעדט: „איר, דזשענטעלמען, קאנט שוין גיין צו אייערע געשעפטען! איך וועל שוין דאס איבעריגע פארזארגען".

איז געזעסען מארגאלין ביי זיך אין אפיס, דעם קאפ זיינעם אונטערגעשפארט מיט ביידע עלענבויגענס ווי ער וואלט מורא געהאט אז ער וועט אים ארונטערפאלען. געטראכט זיך: „נו, ווער וועט איצט אויסשטיין די איבעריגע פראצענטען וואס מ'האט אים אנגעזעצט? אפשר זאל ער אריינרופען דעם שאפ-טשערמאן און אים זאגען אז בלויז פאר דעם „אומגליקליכען חדש" זאל מען ארבייטען א ביסעל ביליגער? — ער שאפט זיך באלד מיט זיין בוקקיפערין, וועלכע האט די גאנצע צייט מורא א ווארט אויסצורעדען. זי איז גראדע געווען צופרידען וואס ער האט זיך מיט איר געשאפט. דאס איז א סימן אז ער וועט שוין רעדען.

און אט איז שוין דער שאפ-טשערמאן אין אפיס. מארגאלין רעדט זעהר ווייך, זעהר פריינדליך: „פאר דעם וואוילזיין פון אלע באלמעלאכעס אין שאפ... דער באנקראט טאר ניט פאלען אויף איינעם, עס וועט זיך אפרופען שלעכט"... זאגט דער שאפ-טשערמאן:

— אז איר פארלירט געלט אין „סטאקס", דארפען מיר דאס אויסשטיין?

צעשרייט זיך מארגאלין:

— דאס איז ניט דיינע ביזנעס!

זאגט דער טשערמאן, אז דאס באנקראטירען איז אויך ניט זיינע ביזנעס... און נאך איידער מארגאלין וויל נאך עפעס זאגען, איז שוין דער טשערמאן נישטא.

צעשרייט ער זיך אויף דער בוקקיפערין:

— וואס היט איר מיר? גייט ארויס! איך וויל זאגען עפעס, און צוליב אייך קאן איך ניט...

דערנאך האט ער ניט געקאנט פארליידען דאס געזאנג אין שאפ. האט ער אריינגערופען זיין פארמאן און מיט אים באפוילען גלייך אפצושטעלען דאס געזאנג: — וואס פאר א זינגען אין מיטען דרינגען? — האט ער זיך געקאכט. איז דער פארמאן אריין און געבעטען זיך אז מען זאל אים נאכגעבען זיין שגעון, פארט א באלעבאס... האט איין ארבייטער אים געגעבען צו פארשטיין, אז אזוי ווי אט דער שגעון איז ביי די באלעבאטים אן איבעריגער. לכן, דעריבער קאן מען אזא פאדערונג נישט נאכגעבען, און דאס געזאנג איז אלץ געגאנגען אין קראפט.

האט זיך מר. מארגאלין אליין „מטריח" געווען, איז אריין מיט א שטורם אין שאפ, גלייך עס וואלט ביי אים געברענט אונטער די פאכוועס, און האט זיך צעליארעמט:

— וואס איז די גדולה אויף אייך, וואס זינגט איר אזוי?

האט זיך אפגערופען א סאפראנע:

— אז מען זינגט, ארבייט זיך געשמאקער...

מארגאלין האט אויף איר אנגעלאדען זיינע בייזע אויגען — אויב דו וועסט זיין צו קלוג, וועסטו באלד גיין אהיים! — ער איז געשטאנען און געווארט, אז די מיידעל זאל נאר איין ווארט זאגען, און ער וועט צעגרייסען דאס באוועל ביי איר מאשין. „זאל זי זען וואס פאר א העלד ער איז!" האט די מיידעל אריינגעשמייכעלט אין מאשין אריין, און גראדע געשוויגען. האט דאס אים געברענט ביז גאר. אט גראדע איר האט ער געוואלט האבען פאר'ן ערשטען קרבן...

אט אזוי איז מארגאלין געגאנגען פון איין מאשין צו דער צווייטער: — זינגט ניט! עס איז ניט קיין יום-טוב היינט. — דערווייל האט ער שוין דערזען, אז דער מאכט צו גרויסע שטעך, און נאך איינער צו איינגעהאלטען. לעבען טשערמאן האט ער זיך פארזאמט א ביסעל לענגער ווי לעבען יעדען אנדערען ארבייטער. ער האט אים א קלאפ געטאן אין פלייצע:

— העי, טשערמאן, לויף ניט אזוי ווי א בלינד פערדעל! פאר מיין געלט קאן איך האבען בעסערע גארמענטס געמאכט! זע נאר סטיטשעלאך, ווי מוראשקעס. אויב דו קאנסט ניט ארבייטען בעסער, טוט מיר זעהר לייד... פון היינט אן און ווייטער וויל איך בלויז גוטע ארבייט.

דער טשערמאן האט זיך געבעטען:

— מיסטער מארגאלין, לאזט ארבייטען!

— דו ביזט א קאליקע און דיך וויל איך ניט לאזען ארבייטען. איז וואס קומט מיר פאר דעם?

פלוצים האבען אלע, סיי יונג, סיי אלט, פארלייגט מיט די הענט, ווי זיי וואלטען זיך געהאט אפגערעדט.

מארגאלין איז בלייך געווארען און זיך צעפיענעט:

— ברעכט ניט דעם אגרימענט, זאג איך אייך! הויבט גלייך אן ארבייטען, אז ניט וועט איר פארלירען די דזשאבס. איך ווארן אייך!

אבער קיינער רירט זיך ניט צו צו קיין ארבייט. דער פארמאן שטייט א פארלוירענער און ווייסט ניט וואס צו טאן. ער קאן זיך קיין ארט ניט געפינען. דער טשערמאן זאגט שמייכלענדיג:

— אז מיסטער מארגאלין וועט אויפהערען לעקטשורען, וועלען מיר אנהויבען ארבייטען...

דער פארמאן האט אנגעהויבען גלעטען דעם באלעבאס איבער די הענט:

— פליעז, רעגט זיך ניט אויף, מיסטער מארגאלין!

דער טעלעפאן אין אפיס האט זיך צעקלונגען און מארגאלין איז געווען זעהר צופרידען, וואס ער האט אן אורזאך אוועקצוגיין פון דאנען... און כמעט א פארשעמטער איז ער געלאפען אין אפיס. ער האט גענומען דאס טרובקעלע אין די הענט און איידער ער האט אריינגערעדט אין טעלעפאן, האט ער א בורטשע געטאן:

— גראבע יונגאטשעס!!!

# „געשעענישען און געשטאלטען"

## פון א. פרומקין.

### „געשעענישען און געשטאלטען"

„דעם רבי'נס יארצייט", „וואן-דער-לובע", „די פארשאלטענע ברונע", דריי דראמאטישע עפיזאדען פון קלמן הייזלער, ארויסגעגעבען פון „פארבאנד-רינג"-פארלאג, ניו יארק, 1938.



למן הייזלער איז ניט קיין „פנים חדשות" ביי אונז. נאך מיט א יאר דרייצען אדער פערצען צוריק האט ער זיך באוויזען אין אונזער ליטעראריש וועלטעל — א יונגער בחור, וואס האט געארבייט ביי דער מאשין אלס דרעסמאכער, און געשריבען לידער. שוין אין 1927 האט ער, אונטער דער פריינדליכער אויפזיכט און דער דערמוטיגונג פון יעקב גלאטשטיין, ארויסגעגעבען א ביכעל לידער, וואס ער האט אנגערופען „מענשען"; און זעלטען ווען א נאמען האט זיך אזוי צוגעפאסט, אזוי גוט אויסגעדריקט דעם אינהאלט פון א ווערק. הייזלער האט, אין יענעם ביכעל געמאלען איינדרוקספולע בילדער: געשטאלטען פון דער אלטער היים, זיינע אייגענע, זיין עלטער-זיידען, זיין זיידען, זיין טאטע-מאמע און אנדערע נאענטע, וואס ער האט געטראגען אין זיין זכרון און מיטגעבראכט פון זיין גאליציש שטעטעל, און דערצו אויך געשטאלטען פון דער נייער היים, פון דער ניו יארקער פאבריק, וואו ער האט געארבייט.

דריי יאר שפעטער, אין 1930, האט ער אפגעדרוקט א צווייטע זאמלונג לידער אונטער'ן נאמען „קומארנער פארשוינען". דא קערט ער זיך אום ווידער צו דעם שטעטעל, וואו ער איז געבוירען און דערצויגען געווארען, צו דעם —

„שטעטל קומארנע,
גרוים ווי א קבר:
פיר איילען די לענג,
צוויי איילען די ברייט;
און חיינט ביזט מיר ווייט,
העט-ווייט אין די חויכען,
מיט'ן האנט צו דערגרייכען,
מיט מיין פוס צו דערשלייכען.

„אבער דאס אויג אין קאפ —
דאס אויג אין קאפ —
קוקט ארויף, קוקט ארא‎פ,
ק — ו — מאר — נע:
פיר איילען די לענג,
צוויי איילען די ברייט, —
מיין פיצעל לעבען,
מיין גרויסע פרייד".

און פון אט דעם שטעטעל שילדערט ער בילדער און געשטאלטען, וואס א היפשער טייל פון זיי וואלט געקענט אריינגענומען ווערען אין זיין זאמלונג „מענשען". זיינע „קומארנער פארשוינען", ווי זיינע „מענשען", פולסירען, ס'רוב, מיט לעבען. די שילדערונג איז פשוט, דורכזיכטיג, און די שפראך קלאר, איינפאך, ניט געקינצעלט. מען קען זען: אין די צוויי לידער-ביכלאך זיינע האט הייזלער געגעבען דאס, וואס איז געווען אין אים; דאס, וואס ער האט געקענט געבען.

אכט יאר זיינען פארביי. איצט איז הייזלער ארויסגעקומען מיט גרעסער ווערק אין פראזע: דריי דראמאטישע עפיזאדען, וואס טראגען דעם נאמען „געשעענישען און געשטאלטען". אין אט דעם בוך זיינעם האט ער ניט בלויז שילדערונג. נאר ער זוכט אויך דורכצופירען א אידייע. ער וויל, ווי ער דערקלערט אליין אין זיין קורצען פארווארט, „באשאפען א געשטאלט, אין וועמען מיר זאלען זיך קאנען אפשפיגלען און דערקענען". די אידייע איז, אז מענשען, וואס „זיינען ווי באשאפען געווארען פאר יענעמסוועגען — פאר קהלסוועגען", קאנען זיך אליין ניט העלפען. „צוליב קליינליכע פלאנטערנישען, וואס דאס לעבען האט שוין פון פריער צוגעגרייט, ווערען זיי געשטרויכעלט און ס'ווערט חרוב דער חלום, וואס נאר דער מענש האט געקענט אויס'חלום'ען".

אלס מאטעריאל פאר דער דורכפירונג פון אט דער אידייע זיינער האט הייזלער גענומען, ווי שוין געזאגט, דריי עפיזאדען. צווישען צוויי אלטע לעגענדעס פון זיין קבר'דיג שטעטעל קומארנע — „דעם רבי'נס יארצייט" און „די פארשאלטענע ברונע" — האט ער אריינגעפאקט א מאדערנע געשטאלט: „וואן-דער-לובע", א מין „סענדוויטש"... איז וועגען דעם מיטעלסטען, דעם טראגישען, קראנקהאפטען, פינסטערען וואן-דע-לובע, קאן מען מאכען גאנץ קורץ. הייזלער איז צוגעטראטען צו אים, ווי צו אן אומבאקאנטען. ער האט גענומען דעם מאטעריאל, וואס ער האט געפונען אין דער פרעסע און אביסעל באנוצט זיין פאנטאזיע. איז ארויסגעקומען א בלאסע, ערטערווייז לאנגווייליגע און בכלל ניט-אינטערעסאנטע זאך.

אנדערש איז אבער וועגען די צוויי קומארנער עפיזאדען. איך מיין ניט דא צו ריידען וועגען הייזלער'ס ציל, וועגען זיין פארלאנג צו „באשאפען א געשטאלט, אין וועמען מיר זאלען זיך קאנען אנשפיגלען און דערקענען". מיר דוכט, אז אפילו די צוויי הויפט-געשטאלטען: יודע, אין „רבי'נס יארצייט", און דער משוגענער שיע, אין דער „פארשאלטענער ברונעם", זיינען ניט מסוגל צו זיין די טרעגער פון דער אידייע, וואס דער מחבר פון בוך וויל ארויסברענגען. בפרט נאך אז הייזלער אליין איז גאר ניט אזוי זיכער, צי „מיר קאנען אדער זאלען פון די דריי געשטאלטען זיך עפעס אויסלערנען אדער אפלערנען"... וואס איך וויל דא זאגען איז, אז די דערמאנטע צוויי דראמאטישע עפיזאדען זיינען, אן און פאר זיך, אינטערעסאנט און קאנען געלייענט ווערען מיט הנאה.

אין דעם „רבי'נס יארצייט" שילדערט הייזלער, ווי אזוי דער בחור יידע, דעם מקובל ר' דוב בער'ס זון, ווערט נאך אלס אינגעל אריינגעפירט אין די סודות פון דער קבלה, און ווי ער לידט דערפון וואס זיין שוועסטער-קינד, איטע, צו וועמען ער גלוסט, ווערט פאר'קנסט צו בעריש'ן, דעם בעדער'ס זון.... אבער ער, וואס איז געבוירען געווארען אין דעם טאג, ווען דער רבי איז געשטארבען, און וועגען וועמען דער רבי האט נביאות געזאגט, אז ער וועט ווערט זיין משיח'ן אנטקעגען צו גיין, — ער, אט דער יידע, קאן זיין אייגענעם פארלאנג ניט דערפילען. דאס פארביטערט אים. ער דערגייט צו אפיקורסישע געדאנקען, און ענדליך פארלאזט ער קומארנע, קומט אין א דערבייאיגען שטעטעל, דערקלערט זיך דארט אלס „נביא", באוויזט וואונדער, היילט אויס קראנקע און קאליקעס. ווען דער המון ווערט היגעריסען און איז גרייט צו גיין אין פייער פאר אים, דערקלערט ער זיי, אז דער דערלייזער, משיח, וועט געבוירען ווערען דוקא פון א בתולה, וואס האט קיינמאל „ניט געקענט קיין מאן", און דערפאר איז ער גוזר, אז פאר א יאר צייט זאל קיין פארפאלק קיין חתן-כלה ניט חתונה האבען. פאר א יאר צייט זאל קיין חופה ניט געשטעלט ווערען...

אט די גזירה שפארט אן קיין קומארנע, וואוהין

# מיט ציפערן דארף מען זיין פארזיכטיג

פון ש. פארבער.



לאוקמאכער אין ניו יארק לידען פון ארבייטסלאזיגקייט. ס'איז זיי שלעכט און זיי זיינען אומצופרידען. זוכען זיי די שולדיגע אין זייערע לידען. דאס איז נאטירליך.

פאראן אין לאקאל 117 אן אפא־זיציע וועלכע איז ניט צופרידען מיט דער אדמיניסטראציע פון זייער לאקאל און פון דער דזשאינט באארד. וויל אט די אפאזיציע זיך באנוצען מיט דער ארבייטסלאזיגקייט און אומצופרידענהייט פון די מעמבערס קעגען דער פירערשאפט. דער גרינגסטער וועג איז צו מאכען גלויבען די מעמבערס, אז די פירער זיינען שולדיג אין דעם וואס זיי האבען ווייניג ארבייט און פארדינען ניט גענוג. דאס איז אויך נאטירליך. אזוי האבען אפאזיציעס געפירט זיך פון אייביגע צייטען.

איז ווען אן אפאזיציע באנוצט זיך מיט סברות און טעארעטישע ארגומענטען קען מען צו זיי ניט האבען קיין טענות. איבער אזוינע זאכען קענען זיין און זיינען דא מיינונגס־פארשידענהייטען. ווען אבער מען פרובירט זיך באנוצען מיט ציפערן און מיט סטאטיסטישע מאטעריא־לען מוז מען שוין זיין פארזיכטיג, ווייל ווען ניט קען מען מיאוס אריינפאלען. ווייל ציפערן קענען ניט זיין קיין מיינונגס־פארשידענהייטען. זיי זיינען ענטוועדער ריכטיג אדער ניט. און אז מען באנוצט זיך מיט ניט ריכטיגע ציפערן אדער מיט ניט ריכטיגע אויסטיי־טשונגען פון ציפערן קומט ארויס א פונקט פארקערטער רעזולטאט פון דעם וואס מען פרובירט באווייזען.

איך זאג דאס אנטקעגען די ציפערן מיט וועלכע עס האט זיך פרובירט באנוצען דער יוניאן אוואנגארד פון די קלאוקמאכער. זיי זיינען נעבאך מיט זייער סטא־טיסטיק מיאוס אריינגעפאלען.

טיילווייז איז עס אונזער שולד. זיי האבען זיך באנוצט מיט א דרוק־פעלער. מיט א טעות פון בחור הזעצער אין לעצטען נומער „גערעכטיגקייט". אויף דעם טעות האבען זיי אויפגעבויט א גאנצע טעאריע. נא־טירליך האט שוין זייער גאנצע טעאריע געמוזט ארויס־קומען שטארק פעלערהאפט.

דער טעות איז געווען בלויז אין א ציפער. אנ־שטאט 16 מיליאן 327 טויזענד לעיבעלס, וואס די קלאוק און סוט ריקאווערי באארד האט פארקויפט דורך דעם יאר 1937, איז ביים זעצער געווארען 23 מיליאן לעי־בעלס. זיך באנוצענדיג מיט דעם פאלשען ציפער און מיט דער ריכטיגער באהויפטונג פון דעם עדיטאריעל אין דעם זעלביגען נומער, אז 85 פראצענט פון אלע קלאוקס אין לאנד איז אויפגעמאכט געווארען אין ניו יארקער מארקעט, האבען זיי אויף דעם אויפגעבויט א גאנצע טע־אריע. פארשטייט זיך, אז די טעאריע איז ארויסגעקומען מכולה'דיג.

אבער וואלט דאס געווען דער איינציגער טעות, וואלט עס נאך געווען צו דערליידען. זיי האבען זיך אבער בא־נוצט מיט נאך אנדערע ציפערן, ניט ריכטיגע, וועלכע בלויז איין גאט ווייסט וואו זיי האבען עס גענומען. און דאס איז שוין אודאי און אודאי ניט ריכטיג.

זאגט למשל דער ארטיקעל: „וואס די 'גערעכטיג־קייט' זאגט ניט איז, אז די צאל (לעיבעלס וואס זיינען פארקויפט געווארען לעצטעס יאר) איז מיט 22 פראצענט מער ווי די לעצטע צוויי יאר". אבער, גאט איז מיט איך: וואו האט איר גענומען די 22 פראצענט מער? ממה נפשך: האט איר אנגענומען דעם טעות פון 23 מיליאן לעיבעלס אין 1937 פאר ריכטיג און איר האט געהאט די ציפער פון די צאל לעיבעלס וואס זיינען פאר־קויפט געווארען דורך דער ריקאווערי באארד אין 1936, די ציפער פון 16,565,319, איז דאך עס א פארגרעסע־רונג ניט פון 22 פראצענט נאר פון גאנצע 38.8 פרא־צענט. און דער שרייבער אלס קלאוקמאכער האט גע־מעגט וויסען אז דאס איז אבסורד, אז אין 1937 האבען די קלאוקמאכער ניט געהאט אזוי פיל מער ארבייט ווי אין 1936. האט דער שרייבער ווידער געהאט די ריכטיקע ציפערן, וואלט ער דאך געוואוסט אז עס איז געווען זיכא פארקערט, אז אין 1937 איז פארקויפט געווארען מיט 237,873 ווייניגער לעיבעלס ווי אין 1936. טא האט ווערט פון זיין אויספיר, „אז די קלאוק אינדוסטרי איז גאנץ ווינציג באשעדיגט געווארען פון דער איצטי־גער דעפרעסיע"? און וואס הייסט איבערהויפט „ווינ־ציג באשעדיגט" ווען לויט דעם שרייבער'ס ציפערן איז גאר אין קריזיס געמאכט געווארען מער קלאוקס, ווי פריהער?

דער שרייבער אבער באנוגענט זיך ניט בלויז מיט אנגעבען ציפערן. ער פרובירט זיי אויך אנאליזירען און ניט בלויז פאר זיך אליין קלאר צו ווערען וואס די ציפערן באווייזען, נאר אויך „פאר די ניו יארקער קלאוק מאכער און אפשר וועלען פון דעם אויך עפעס לערנען אונזערע יוניאן פירער".

נו, ווען מען נעמט זיך אנאליזירען ציפערן פאר אנדערע עפעס צו לערנען דערפון דארף מען דאך זיכער זיין פארזיכטיג. טא ווי אזוי טוט עס דער שרייבער?

ער הייבט אן מיט דער פארזיכערונג, אז אין דעם טעות'דיגען ציפער פון דער ריקאווערי באארד, אין די 23 מיליאן, קען מען ניט צווייפלען. פארקערט, ער איז זיכער אז „עס איז פארקויפט געווארען מיט צען פרא־צענט מער קלאוקס איבער וועלכע די ריקאווערי באארד האט ניט קיין קאנטראל". דאס הייסט, אז אין דער אמת'ן איז לויט דעם חשבון פארקויפט געווארען קלאוקס איבער'ן גאנצען לאנד דורכ'ן יאר 1937 ארום 25 מיליאן מיט 300 טויזענד. דער שרייבער אבער וויל ניט זיין איינגעשפארט און פאר ארגומענט וועגען, נעמט ער אן דעם קלענערן ציפער פון בלויז 23 מיליאן. איז אט ווי ער לייגט זיי פארנאנדער:

„85 פראצענט פון די קלאוקס ווערט געמאכט אין ניו יארק. מיט אנדערע ווערטער, ניו יארקער קלאוק־מאכער האבען געדארפט מאכען נאך דעם רעכענונג ארום 19 א האלב מיליאן גארמענטס דורכ'ן יאר 1937. אין ניו יארק געפינען זיך ארום 12־13 טויזענד קלאוק אפערייטארס. 19 און א האלב מיליאן גארמענטס וואלט געגעבען די דרייצען טויזענד ניט ווייניגער ווי 1462 שטונדען ארבייט פאר יעדען קלאוקמאכער, אדער מער ווי 41 וואכען דורכ'ן יאר. נאך דעם מינימום סקעיל אין אגרימענט פון $1.65 א שטונדע, וואלט יעדער קלאוק אפערייטאר אין ניו יארק געזאלט פארדינען 2,410.65 דאלער פאר'ן יאר 1937".

ווי איר זעט, קען דער שרייבער אריטמעטיק און דער חשבון ווייזט אויס ריכטיג. דאך איז עס וואס מען רופט א „שניידערשער חשבון".

נעמענדיג זיין ציפער פון 19 און א האלב מיליאן גארמענטס אויף דרייצען טויזענד אפערייטארס, מאכט עס אויס 1,500 גארמענטס פער אפערייטאר. אויב דער שרייבער האט נאכגעקוקט די סטאטיסטיק ווייס ער אז עס ווערט גערעכענט דורכשניטליך איינס מיט א פערטעל גארמענטס פער שטונדע פאר אפערייטארס. דאס מאכט אויס א קימה־לן פון 1200 שטונדען דורכ'ן יאר פאר אן אפערייטאר. טא וואו האט ער גענומען פונקט 1462 שטונדען פאר יעדען אפערייטאר?

און פון וואנען האט ער עס גענומען דעם באשטימ־טען ציפער פון דרייצען טויזענד אפערייטארס אין ניו יארקער מארקעט. לויט דער פראפארציע פון אפעריי־טארס צו דער גאנצער צאל ארבייטער אין קלאוק טרייד וואס איז פארעפענטליכט פון דער יונייטעד סטייטס ביורא או לייבאר סטאטיסטיקס, קומט אויס אז אפערייטארס זיי־נען 43 און א האלב פראצענט פון אלע קלאוק ארביי־טער. אין מעטראפאליטאן דיסטריקט פון ניו יארק זיי־נען אין 1937 באשעפטיגט געווארען 32,927 ארבייטער ביי קלאוקס. דריי און פערציג א האלב פראצענט דער־פון טרעפט אן 14,814 אפערייטארס אין ניו יארק. דאס איז מיט קארגע צוויי טויזענד מער אפערייטארס ווי דעם שרייבערס גרעסערע ציפער וואס ער האט אנגענומען און במילא מיינט דאך עס ווייניגער שטונדען ארבייט פער אפערייטאר.

א סך א גרעבערען פעלער מאכט דער שרייבער אין זיין טאבעלע, וואו ער פרובירט באווייזען די דורכשניטליכע וועכענטליכע פארדינסטען פון די קלאוק־מאכער אין די לעצטע צען יאר. ער נעמט נעמליך א טאבעלע פון דעם ניו יארק סטייט לייבאר דעפארטמענט פאר אלע פרויען קליידער ארבייטער אין סטייט, וועלכעס שליסט איין פארלייט, דירעקטארס, דעזיינערס פון אלע אפטיילונגען פון דער פרויען קליידער אינדוסטריע, קלאוקס, דרעסעס, טשילדרען דרעסעס, און אלע אנדערע בגדים חוץ אונטערוועש און גיט עס אן אלס שכירות פון קלאוקמאכער. דער שרייבער ווייזט אן, אז די פאר־דינסטען שליסען אויך איין קאטערס, וועמעס פארדינסטען זיינען העכער. ער ווייזט אבער ניט אן, אז דאס שליסט אויך איין ארבייטער ביי טשילדרען דרעסעס און אזוינע פאכען ווי קלינערס, פינישערס און עקזאמינערס ביי דרעסעס, וועמעס דורכשניטליכע וועכענטליכע שכירות זיינען דאך זיכער נידעריגערע פון קלאוק אפערייטארס. טא וואס באקומט זיך פון דעם גאנצען בנין וואס ער בויט אויף אויף דער טאבעלע?

דער מוסר השכל פון דעם אלעמען איז, אז עס איז אמת, אז עס זיינען פאראן גאר א סך ווייטאגדיגע פראב־לעמען ביי די קלאוקמאכער; אז קלאוקמאכער לידען פון ארבייטסלאזיגקייט און קליינע פארדינסטען, פון קורצע סעזאנען און אנדערע צרות. די ציפערן און סטאטיס־טיקס אבער וואס ווערען געבראכט, קלערען ניט אויף די פראבלעמען און ווייזען ניט קיין וועג ווי אזוי מען קען זיי לעזען. אפשר איז דער קריזיס ניט די איינ־ציגע אורזאכע פון די לידען פון די קלאוקמאכער. עס איז אבער נאריש צו פרובירען איינריידען זיך און אנ־דערע, ווי דער שרייבער פרובירט עס, אז די קלאוק איינ־דוסטרי איז גאנץ ווייניג באריהרט געווארען פון קריזיס. און איבער אלעס, דארף מען זיין פארזיכטיג מיט ציפערן, ווייל מען קען דערביי שווער געשטרויכעלט ווערען.

## ווער איז שולדיג?

פון ברכה קאפשטיין



ווי ווייט, ווי אפגעלעבט ס'איז אין זכרון יענע צייט,
ווען ס'פלעגען הענט מיינע און מוסקולען וואקסען מיט דער ארבייט גלייך,
ווען ס'פלעגען הענט מיינע אחים ברענגען כוואליעס פרייד,
און פרייד פלעגט אויסגיין אין שטוב, אין הארץ און אויף געמיט,
פלעגט זיין גוט אזוי אוועקלייגן מידן קאפ אין רו —
דו ווייסט:
עס ווארטען טעג אזעלכע
אויפצונעמען מי...

איצט ציען נעכט זיך אזוי שווער.
עס וויל דער שלאף ניט רוען אויף די וואכעדיגע ברעמען
איצט,
קוקען בלייכע מארגענס דורך די פענסטער;
איצט, —
שפאן איך אום אויף גאסען גלאט אזוי...
ארום מיר
און אונטער מיר
גליווערט שרעק און היצט דעם צארן:
— ווער איז שולדיג, ווער?
ווילען ליפען מער ניט שווייגען
און זיי שילטען
און צעשטערען,
מיט א יארעגדיגען שוים
די לעצטע גליווערדיגע צוים...
ווער איז שולדיג,
ווער איז שולדיג,
ווער?

60 הייזער א וואך); אויך צו פינאנסירען פלענער צו סאציאליזירען די וויכטיקסטע אינדוסטריען (אין דער שטאל אינדוסטריע בויט איצט די רעגירונג אן ארבייטער פאבריק, וואס באטרעפט 25 מיליאן דאלער)."

די סאציאליסטישע רעגירונג, באקלאגט זיך וויטער דער קארעספאנדענט, נעמט צו ערנסט אירע עלעקשאן־פארשפרעכונגען. זי וויל ביז די קומענדע וואהלען דורכפיהרען אלע פונקטען פון דער פלאטפארמע, וואס זי האט אנגענומען ערב די וואהלען פון 1935. די רעגירונג האט כמעט אפגעשאפט ארבייטסלאזיגקייט. זי האט דאס געטאן ניט בלויז דורך די געוויינליכע „דאבליו־פי.עי."־מעטאדען, וואס דער אמעריקאנער ניו־דיל האט איינגעפירט. זי איז געגאנגען וויטער און דורך א סיסטעם פון געלט־סובסידיעס „געצוואונגען" פאבריקאנטען און ארבייטסגעבער אנצושטעלען נייע ארבייטער; זי האט גאראנטירט פעסטע פרייזען צו די פארמערס אין דער מילך און פוטער אינדוסטריע; זי האט אויסגעשפרייט אזוי די בילדונגס־סיסטעם פון לאנד אז „יעדער איינוואוינער איז באזארגט מיט פרייע בילדונג פון קינדערגארטען ביז דעם אוניווערזיטעט"... זי האט איינגעפירט אין פילע אינדוסטריען די פערציג שטונדיגע ארבייטס וואך און העלפט עס מאכען אבליגאטאריש ביז דעם ערשטען סעפטעמבער אין אלע אנדערע אינדוסטריען.

און טאמער איז דאס ניט גענוג, קומט א צווייטער קארעספאנדענט און באקלאגט זיך אז די סאציאליסטען פון דער לייבאר פארטיי וועלען אין א פאר מאנאטען ארום דורכפירען זייער פארשפרעכען וועגען סאציאליזירונג פון מעדיצין און מעדיצינישע הילף. זיי האבען ערב די וואהלען פארשפראכען צו באזארגען יעדען בירגער, יעדען איינוואוינער פון לאנד, אהן אונטערשיד צו וועלכען קלאס ער באלאנגט, מיט די בעסטע דאקטוירים, די בעסטע האספיטאלס און מעדיקאמענטען, דענטיסטען און אנדערע ספעציאליסטען אין גאנצען פריי. און זיי זיינען גרייט דאס דורכצופירען. א סך דאקטוירים אין ניו זילאנד, ווי אין אמעריקא, זיינען געגען דעם. זייערע פראטעסטען העלפען אבער ניט. די מאיאריטעט פון פאלק איז פאר דעם און שטיצט די רעגירונג וואס זוכט צו דעקען די אויסגאבען פון דעם סאציאליסטישען פלאן מיט דער הילף פון פראגרעסיווע איינקאם טעקסעס.

די קאפיטאליסטן און ארבייטער שונאים זיינען געווען זיכער, אז די ארבייטער רעגירונג וועט גיין באנקראט נאך אזעלכע אומערהערטע גרויסע אויסגאבען אויף סאציאליסטישע פלענער. א קארעספאנדענט פון ניו יארקער „טיימס" האט טאקע לעצטען אפריל געגעבען אנצוהערעניש, אז עס האלט ביי א באנקראט. איצט איז געקומען א צווייטער קארעספאנדענט פון דער זעלבער צייטונג און גיט צו אז די פינאנציעלע לאגע פון דער ניו זעלאנדער ארבעטער רעגירונג איז א גלענצענדע. קיין דעפיציט, קיינע מלוכה־חובות און אן אנגעזאמעלטער רעזערוו־קאפיטאל אין א לאנדאנער באנק פון 200 מיליאן דאלאר. דער רעזערוו־קאפיטאל איז צוזאמענגעשטעלט פון א ספעציעלען גרענעץ־שטייער וואס די רעגירונג האט עקסטרא איינגעפירט, און ער האלט אין איין וואקסען.

די קאנסערוואטיווע פארטיי און די קאפיטאליסטען, וועלכע שטיצען איהר, האבען געשאפען א פראפאגאנדע־פאנד פון 150 טויזענט דאלאר אויף צו אגיטירען געגען דער רעגירונג. זיי, די קאפיטאליסטען, קאנטראלירען אלע צייטונגען פון לאנד און די ארבייטער האבען בלויז איין טעגליכע צייטונג און איין וואכענבלאט. פאר די ארבייטער ריידען אבער זייערע טאטען, די ראדיא־סטאנציעס וואס די רעגירונג קאנטראלירט און די מאסען־פארזאמלונגען וואס די ארבייטער ארגאניזירען. דער רעזולטאט איז, אז די מאסען הערען זיך ניט צו צו דער קריטיק און זיינען „צופרידען מיט דער רעגירונג". אזוי ווערט באריכטעט אין דער „טיימס" אין א קייבעל וואס זי האט אפגעדרוקט דעם 17טען דזשולייי. „עס האנדעלט מיט סאציאלע רעפארמען", דערצעהלט דער קארעספאנדענט, „יעדער טאג ברענגט נייע ענדערונגען און דער עולם וואונדערט זיך, וואס דער מארגען וועט ברענגען. דער ברייטער עולם גלייכט עס אבער. „לאיף איז טו גוד", זאגט ער.

ניט אומזיסט האבען די לעצטע מוניציפאלע וואהלען געבראכט אזא גרויסען זיג דער לייבאר פארטיי. דיסטריקטען וואס האבען זיך אימער גערעכענט פאר קאנסערוואטיווע האבען איצט געגעבען א מערהייט דער ארבייטער פארטיי. די גרויסע שטעדט פון לאנד האבען צום ערשטען מאל אין דער געשיכטע געגעבען א מערהייט די ארבייטער. די ארבייטער האבען אויך געפאנגען די אפיסעס פון מעיאר און די מערהייט פון קאונסילמען אין הונדערטער קלענערע שטעדט און שטעדטלאך.

## א יום־טוב ביי די בעלגישע ארבייטער

די בעלגישע ארבייטער זיינען איצט אין א יום־טוב'דיגער שטימונג. זייער „קאנפעדעראציע פון ארבייט", אדער פעדעריישאן אוו לייבאר, ווערט איצט 40 יאהר אלט.

די יוניאנס און די קאאפעראטיוועו, די יוגענט־ארגאניזאציעס און די ספארט קלובען, די ארבייטער־פארטיי און די סאציאליסטישע דעפוטאטען אין פארלאמענט גרייטען זיך צום יום־טוב.

די פייערונגען דארפען זיך אנפאנגען דעם 30טען דזשולייי, אין יארטאג ווען עס איז אנגענומען געווארען דער היסטארישער באשלוס צו שאפען א לאנד־צענטראלע פאר די יוניאנס, פון וועלכע עס איז אויסגעוואקסען די איצט גרויסע און מעכטיגע אלגעמיינע קאנפעדעראציע פון ארבייט".

עס איז דערביי אינטערעסאנט צו פארצייכענען, אז דער באשלוס צו שאפען א צענטראלע קערפערשאפט פאר די יוניאנס איז אנגענומען געווארען ניט אויף א צוזאמענקונפט פון יוניאנס, נאר אויף דער נאציאנאלער קאנווענשאן פון דער לייבאר פארטיי.

די בעלגישע ארבייטער פארטיי האט שוין דאן עקזיסטירט גאנצע 13 יאהר. אין איהר זיינען געווען אנגעשלאסען א צאל יוניאנס און זי איז ביז דאן געווען דער איינציגער צענטראלער פארום, וואס האט זיי צוזאמענגעבונדען. איהר קאנגרעס האט דאס באשלאסען צו גרינדען די טרייד־יוניאן קאמיסיע, פון וועלכער עס איז שפעטער אויסגעוואקסען די בעלגישע „סע־זשעטע", וואס צעהלט איצט מעהר ווי 600,000 מיטגלידער און איז דער רוקען־ביין פון דער פארטיי, וואס האט איהר געגרינדעט.

דער ערשטער אויפטו פון דער „טרייד־יוניאן קאמיסיע" איז געווען דאס גרינדען פון דער ערשטער טעקסטיל יוניאן. די דאזיגע יוניאן פייערט איצט אויך איהר 40טען יאהרטאג.

# די ערשטע וואך אין שאפ

פון חיים פלאטקין

צוואנציג,
דרייסיג,
טויטער ציפער —
נאר וויפיל פראצע ליגט אין דיר!
טאנצען —
טאנצען —
לאכען אפ פון מיר...

שורות זינגער־קעפ.
שורות אפערייטאר־קעפ.
שאטען־הויקערס הוידען זיך אויף כמורנע ווענט —
אין טאקט מיט שאפ־קאפעליע
דזשעז פון צעיאגטע הענט.

ביי מיין רעכטער זייט —
מיין חבר מיט'ן קוטשעראוועו קאפ —
ווי אין געווען א רייטער —
וויל דעריאגען מיין גלאף.
מ'שטייט זיין ברויט אין קאן...
אין שטערן־צעקארבטען —
רישקעס שווייס —
און געבויגט זיינס — בייז.

און „ער"
מ'רופט אים: —
— „ער".
אויגען זיינע — שפיצען פון א שער.
זיין טראפט איז הארט,
און זיכערשטעט —
א ציגאר און מויל פארפרעסט.

יעדען שטאך, יעדעס שטיק,
וועגט זיין בליק און מעסט.

א ציגאר אין מויל פארפרעסט,
נאר מ'פילט די שארפע ציין —
שטעכען, גריזשען,
ביז'ן ביין:
— — דעם שטאך דא צילט מען ניט דעם שמאך!
מיסטער — נישט פארענדיקט נאך די וואך...

מאנטאג,
דינסטאג,
מיטוואך — —
נאך צוויי טעג פאר פראבע־וואך:
— — חבר, חבר,
נישט גענוג נאך — —
שיטערער דעם שטאך.

ס'קלוגע אויג צו מיר פארזשמורעט
און א בליק צום אפיס־טיר:
— — וויפיל, וויפיל וויל „ער"?
איז דען דא א שיר?!...

צוואנציג,
דרייסיג,
טויטער ציפער — —
נאר וויפיל פראצע ליגט אין דיר!
דרייסיג נייע קליידער
טאנצען — —
לאכען אפ פון מיר...

# אין דער אמעריקאנער ארבייטער־באוועגונג

(איבערזיכט)

פון ש. פ.



כוואליע פון פארפאלגונגען, פאליצייאישע, געריכטליכע און איינפאך כוליגאנישע, האט דורך דעם פארגאנגענעם מאנאט זיך א לאז געטאן אויף די אמעריקאנער ארבייטער און זייערע פירער. די כוואליע האט ארומגעכאפט כמעט דאס גאנצע לאנד, פון ניו יארק ביז קאליפארניע, פון מעין ביז לואיזיאנא. עס שיסטרייקערס ווערען טעראריזירט און געשלאגען, עס שטען זיך פאליצייאישע פארפאלגונגען און אינדזשאנקשאנס. געזעצען ווערען אויסגעטייטשט אויף אן אופן, אז זיי בארויבען די ארבייטער פון זייערע עלעמענטארסטע רעכטען. עס קומט מאנכעס מאל אויס אז וואס מער ליבעראלערע געזעצען עס ווערען אנגענומען אין קאנגרעס און אין די סטייט לעדזשיסלייטשורס, אלץ ביטערער ווערט דער אנגריף פון די בעלי בתים, פאליציי און ריכטער. די ארבייטער און די יוניאנס שווייגען, נאטירליך, ניט. זיי גיבען א ווידערשטאנד און דער קאמף פלאקערט זיך פאנאנדער.

דער פאגראם געגען סטרייקער אין וועסטוואוד, קאל.

אין וועסטוואוד, א קליין שטעטעל אין קאליפארניע, וואו עס געפינט זיך די גרעסטע געהילץ פאבריק אין דער וועלט, איז דעם מאנאט געמאכט געווארען א רעגעלער פאגראם געגען סטרייקער, וואס האט אין געפלאנטקייט און שרעקליכקייט געקענט זיך פארגלייכען מיט די ערגסטע פאגראמען געגען ארבייטער אין די פאשיסטישע לענדער. א באנדע פון טויזענט כוליגאנעס, באוואפענט מיט ביקסען, העק און מעסערס, איז איינגעשווארען געווארען אלס דעפיוטי שעריפס און, מיט דער הילף פון סטרייקברעכער פון דער קאמפאני יוניאן, האבען זיי זיך אריינגעבראכען איינס א זייגער ביינאכט אין די היימען פון די סטרייקער און זיי געווארענט צו פארלאזען גלייך די שטאט. זעקס אזייגער אין דערפרי האבען די סירענעס געבלאזען א פייער־אלארם, וועלכעס איז געווען דער סיגנאל פאר די כוליגאנעס צו אטאקירען די סטרייקער אויפ'ן פיקעט ליין. דער איבערפאל איז געווען א בלוטיגער. דרייסיג סטרייקער זיינען געבליבען ליגען ארום פאבריק באוואוסטלאזע. הונדערטע זיינען פארוואונדעט געווארען. ווען די סטרייקערס האבען זיך פרובירט פארטיידיגען, האט מען אויף זיי געעפענט די פייער־קישקעס און מיט שטראמען וואסער זיי פון די פיס געשליידערט. נאכ'ן פאגראם האט מען צוזאמענגענומען א טויזענט סטרייקער מיט זייערע פרויען און קינדער און זיי ארויסגעפירט פון שטאט מיט דער ווארנונג קיינמאל ניט צוריק קומען אהין. מען האט די פארטריבענע סטרייקער אפילו ניט ערלויבט מיטצונעמען זייערע זאכען.

די פארטריבענע סטרייקער האבען זיך פארזאמעלט אין רעד־בלאף, א שטעטעל 35 מייל פון וועסטוואוד. דער מעיאר און די פאליציי פון דער שטעטעל האבען זיך אנטזאגט צו ערלויבען די סטרייקערס דארט אפהאלטען א מיטינג. אלע וועגען ארום וועסטוואוד ווערען פאטרולירט פון די באוואפענטע כוליגאנעס, וועלכע לאזען ניט אריין די סטרייקער צו נעמען זייערע זאכען, סיידען איינציגווייז אדער אין גאנץ קליינע גרופעס.

דער סטרייק אין דעם „רעד ריווער מיל" איז ארויסגערופען געווארען דורך דעם פארזוך פון די בעלי בתים צו שניידען די שכירות פון די ארבייטער מיט 17½ פראצענט. דער פארזוך פון גאווערנאר אריינצושיקען מיליץ אין שטעטעל איז אפגעשטעלט געווארען פון שעריף מיט דער ערקלערונג, אז זיינע מענשען קענען זיך אליין ספראווען מיט די בונטאוושטשיקעס.

פאליצייאישער טעראר געגען סטרייקער אין ניו ארלינס.

אין ניו ארלינס, לואיזיאנא, וואו עס גייט אן א סטרייק פון טראק און טעקסי דרייווערס פאר די לעצטע פיר וואכען, האט די פאליציי איינגעפירט אן אמת'ע טערארהערשאפט געגען די סטרייקערס. זיי מאכען איבערפאלען אויף די יוניאן העדקווארטערס און ארעסטירען סטרייקערס און זייערע פירער אין די צענדליגע. אין איין איבערפאל אליין האבען זיי ארעסטירט 71 מענשען, צווישען וועלכע עס איז אויך געווען פרעדעריק ג. מייערס, דיסטריקט טשערמאן פון דער מארין ארבייטער יוניאן, וועלכער פירט אן דעם סטרייק. די פאליציי האט אויך פארכאפט די ביכער און רעקארדס פון דער יוניאן, וועלכע די נעשאנעל לייבאר רילייש אנס באארד האט געפאדערט צו באשטימען אויב די סי. אי. א. יוניאן האט א מערהייט פון די ארבייטער אין אירע רייען. לויט די יוניאן פירער, האט די פאליציי פארניכטעט די מערסטע מעמבער־קארטלאך און איבערגעגעבען צו דער רילייש אנס באארד בלויז א קליינעם טייל פון זיי.

דער קאמף אין ניו ארלינס איז א רעזולטאט פון דעם ברודער־קריג וואס עס גייט אן אין דער טרייד־יוניאן באוועגונג צווישען דער א. פ. א. ל. און דער סי. אי. א. די טימסטערס יוניאן האט דארט געהאט א קאנטראקט מיט די בעלי בתים פאר די טראק־לייט, וועלכע פירען סחורה צו און פון די דאקס. דער אגרימענט האלט ביים אויסגיין און די סי. אי. א. קלייבט זיך פארהאנדלען מיט די בעלי בתים פאר אן אגרימענט אונטער דער טענה אז די טראקלייט האבען זיך אנגעשלאסען אן דער נייער יוניאן. די סי. אי. א. דרייווערס פירען דעריבער אן דעם סטרייק און די א. פ. א. ל. טראקלייט און טעקסי דרייווערס ארבייטען אונטער דעם שוץ פון דער פאליציי.

דער ברודער־קאמף אין ניו ארלינס, ווי איבעראל, איז נאטירליך צו באדויערען, אזוינע פארזוכען פון יוניאנס צו פרובירען מיט געוואלד פארכאפען איינע פון די אנדערע מיטגלידער, מוז אונפארמיידליך פירען צו סקעבריי און געשלעגען, פון וועלכע די גאנצע טרייד־יוניאן באוועגונג ווערט רואינירט. אבער די אריינמישונג פון דער פאליציי צו העלפען איין צד אדער א צווייטען אין אן אינערליכען יוניאן קאמף, און נאך העלפען דורך פאליצייאישען טעראר און אומגעזעצליכע ארעסטען, טאר זיכער ניט דערלאזען ווערען. אפילו די געווינער פון דער פאליצייאישער הילף מוזען אין גיכען אויסגעפינען אז סוף כל סוף וועט די מעטאדע אויך באנוצט ווערען געגען זיי אליין, אויב זיי זאלען פארוויקעלט ווערען אין א סטרייק.

קריגס־צושטאנד דערקלערט אין ניוטאן, אייאווא.

אין ניוטאן, אייאווא, וואו די ארבייטער פון דער „מייטאג לאנדרי מאשינערי קאמפאני" זיינען אין סטרייק פאר די לעצטע דריי מאנאטען געגען א פארזוך צו שניידען זייערע שכירות מיט צען פראצענט, האט גאווערנאר נעלסאן קראשער דערקלערט קריגסצושטאנד און אריינגעשיקט מיליץ צו באשיצען די סקעבס. דער ווידערשטאנד פון די סטרייקערס איז אבער געווען אזוי שטארק, אז די מיליטער איז געצוואונגען געווען צו שליסען די פאבריק.

די פירמע האט זיך באנוצט געגען די סטרייקער מיט דער טרויעריג בארימטער פארמולע, וואס די רעמינגטאן־רענד פירמע האט אויסגעארבייט אויף ברעכען סטרייקס. זיי הויבען אן דורך פארשידענע פראוואקאטארס א באוועגונג צווישען די ווייניגער באוואוסטזיניגע און אויסגעהונגערטע סטרייקערס פאר צוריקגיין צו דער ארבייט. ווען די פיקעטס שטערען זיי אין דעם, פארפירען די פראוואקאטארס געשלעגען און גיבען א געלעגענהייט דער פאליציי, די ריכטער און מיליטער זיך אריינצומישען און ברעכען דעם סטרייק.

אזא מיט באוועגונג האט די „מייטאג קאמפאני" אויפגעהויבען און ווען די פיקעטס האבען זיך פארטיידיגט, האט די קאמפאני ארויסגעקראגען אן אינדזשאנקשאן פון א דזשאדזש וואס פארבאט זיי פיקעטען. אלס רעזולטאט פון דעם אינדזשאנקשאן האט שוין דער דזשאדזש געלאזט ארעסטירען 21 ארבייטער, די אקטיווסטע מענשען אין סטרייק און גייט זיי משפטען פאר פאראכטונג צום געריכט. די אלע אונטערדריקונגען האבען אבער ניט געהאלפען און איצט האבען זיי געפאדערט ביים גאווערנאר צו ערקלערען קריגסצושטאנד און אריינשיקען מיליטער אונטערצודריקען די סטרייקער. אבער אויך דאס, ווי עס שיינט, העלפט ניט.

געז־באמבעס און טורמע פאר סטרייקער אין נארט שיקאגא.

א העלדישען קאמף פירען אן די ארבייטער פון דער „שיקאגא הארדוואוד פאונדרי קאמפאני" אין נארט שיקאגא געגען א פארזוך פון די בעלי בתים צו שניידען זייערע שכירות מיט 10 פראצענט. די בעלי בתים זוכען צו ברעכען דעם סטרייק מיט די געוויינליכע מיטלען וואס באסעס באנוצען. סטרייק־ברעכער, פאליציי, שעריפס און אינדזשאנקשאנס. ביז איצט אבער איז עס זיי ניט צוגעלונגען. די ארבייטער שטייען פעסט און לאזען ניט צוריק עפענען די פאבריק.

איצט האבען זיך די באסעס גענומען באנוצען מיט געוואלד געגען די סטרייקערס אויף גאר א גרויסען אופן. דינסטאג, דעם 19טען יולי, איז דער שעריף מיט זיבעציג איינגעשווארענע ארויסהעלפער באפאלען די פיקעטס מיט געז־באמבעס און קלאבס, און נאך א פארביטערטען געשלעג פארטריבען די פיקעטס און אריינגעלאזען די ביסעל סטרייק־ברעכער וואס די קאמפאני האט צוזאמענגעקליבען.

דער דזשאדזש דארטען טוט דערווייל וואס ער קען ארויסצוהעלפען דער פירמע ברעכען דעם סטרייק. צען פיקעטס, צווישען וועלכע עס זיינען געווען די פירער פון סטרייק, האט ער געלאזט ארעסטירען פאר קאנטעמפט אוו קאורט און זיי פארשיקט אין טורמע אויף פון 20 ביז הונדערט און צוואנציג טעג יעדען. די סטרייק פירער האבען נאטירליך געקראגען די לייגנסטע טערמינען. צוואנציג פיקעטס זיינען אנגעקלאגט געווארען פאר פארשווערונג און אנשרעקען סטרייק־ברעכער. זעקס זיינען ארעסטירט געווארען פאר שטעלען זיך געגען דער פאליציי ווען זיי האבען זיך אנטזאגט צו פארלאזען די פיקעט ליין אויפ'ן באפעל פון שעריף. דורך פארשיקען אין טורמע די אקטיווע סטרייק פירער רעכענט דער דזשאדזש צו קענען ברעכען דעם ווידערשטאנד פון די ארבייטער צו די לוין־שניטען.

אין ניו יארק איז עס ניט פיל בעסער.

אפילו אין אונזער פראגרעסיווער ניו יארק האבען סטרייקער זיך אויסצושטיין א היבשע ביסעל פון פאליצייאישע פארפאלגונגען און אינדזשאנקשאנס וואס ריכטער גיבען ארויס געגען זיי, טראץ אלע באווארענישען פון דעם פעדעראלען און סטייט געזעץ געגען ארויסגעבען אינדזשאנקשאנס אין ארבייטער סכסוכים.

דזשאסטיס סאלוואטארע קאטילא האט דעם מאנאט ארויסגעגעבען אן אינדזשאנקשאן געגען לאקאל 830 ריטייל עמפלאיאיס יוניאן און לאקאל 208 פון דער יונייטעד אפטיקעל ווארקערס יוניאן, וועלכע האבען אנגעפירט א סטרייק געגען דער בוש דזשועלרי קאמפאני פאר עטליכע וואכען. דער אינדזשאנקשאן פארבאט די יוניאנס צו פיקעטען די סטארס, פארשפרייטען דארט ליפלעטס אדער רעדען צו די סטרייק ברעכער אדער קאסטאמער, אדער אויף א וועלכען עס איז אנדער אופן שטערען דער קאמפאני אין אירע ביזנעס.

אין דער ערקלערונג וואס דזשאדזש קאטילא האט ארויסגעגעבען אין זיין אינדזשאנקשאן, מאכט ער פאקטיש צונישט דעם אנטי־אינדזשאנקשאן געזעץ. ער ערקלערט, אז דער געזעץ איז בלויז געצילט קלאר צו מאכען די רעכט פון די ארבייטער אונטער פריערדיגע געזעצען. ער פארבאט אבער ניט א דזשאדזש ארויסצוגעבען אינדזשאנקשאנס פארבאטענדיג אפילו פיקעטען און אנדערע געזעצליכע טעטיגקייטען, אויב לויט דעם דזשאדזשעס מיינונג טרעטען די סטרייקער איבער די געזעצליכע גרעניצען אדער שטעלען ארויס ניט מעסיגע (אנריזאנעיבל) פאדערונגען. לויט דער אויסטייטשונג הייסט עס, אז עס הענגט אפ אן דעם דזשאדזש צו באשטימען וועלכע פאדערונגען פון די ארבייטער זיינען מעסיג גענוג און אויב ער דענקט אז די ארבייטער פאדערען צו הויכע שכירות אדער אז קלאוזד שאפ איז צופיל פארלאנגט, מעג ער ארויסגעבען אן אינדזשאנקשאן און פארבאטען זיי פיקעטען.

די סטרייקער אין דעם פאל האבען זיך אן עצה געגעבען ווי אזוי ארומצוגיין דעם אינדזשאנקשאן. אזוי ווי די בוש סטארס און זייערע סאבסידיערים ציען זייערע קאסטימער ניט פון דער נאכבארשאפט, נאר פון אלע געגענדען פון שטאט און אומגעגענד, האבען זיי דאס פיקעטען פארשפרייט איבער'ן גאנצען שטאט און איבעראל וואו מאסען מענשען קומען זיך צוזאמען. די סטרייקער האבען ארויסגעשיקט עראפלאנען מיט סטרימערס, וועלכע אדווערטייזען דעם סטרייק. זיי שפרייטען פאנאנדער ליפלעטס און האלטען פארזאמלונגען ניט ארום די סטארס, נאר אין פלעצער וואו א סך מענשען קומען זיך צוזאמען. אז אט דער סארט פיקעטען איז גאנץ ווירקזאם אין דעם פאל, באווייזט די פארצווייפלונג פון די באסעס וועלכע מאנען איצט פון איינער פון די יוניאנס הונדערט טויזענד דאלער שאדענערזאץ. די פראגע איז דא אבער ניט בלויז וועגען דעם סטרייק פון די אנגעשטעלטע אין דער בוש־קאמפאני, נאר דעם פרעצעדענט וואס קאטילא האט דא

# דער זילבער יובילײ פון לאס־אנדזשעלעס סאנאטאריום

פון י. לעוויט.




רויס, איינדרוקספול איז געפייערט געווארען דער „זילבער־יובילײ" פון דעם לאס־אנדזשעלעס סאנאטאריום פאר טובערקולערס, געפייערט געווארען איז דער פערטעל־יארהונדערט פון נאבעלע מענשליכע רעטונגס־ארבעט ביי א נאציאנאלער קאנווענשאן פון דער בארימטער אינסטיטוציע, צו וועלכער עס זיינען געקומען איבער פינף הונדערט דעלעגאטען פון אלע גרעסטע שטעט אין לאנד, וועלכע האבען פארטראטען ארום פופציג באזונדערע סאנאטאריום אקזילעריס, א גרויסע צאל יוניאנס, פראטוירנעל ארגאניזאציעס, לאנדסמאנשאפטען און אנדערע גרופען, וועלכע רופען זיך אלעמאל אפ און קומען צו־הילף דעם נאציאנאלן טובערקולאזיס סאנאטאריום אין לאס אנדזשעלעס.

פילע באגייסטערטע מאמענטען זיינען ביי דער קאנווענשאן פארגעקומען. גלייך ביי דער קאנווענשאן ערעפענונג איז אנגעשלאגען געווארען דער טאן פון פייערליכקייט און דער דאזיגער טאן האט אנגעהאלטען די גאנצע פיר טעג פון דער קאנווענשאן, סיי ביי די זיצונגען וואס זיינען געהאלטען געווארען אין רוזוועלט האטעל, אין האליוואוד און סאי, ווען די זיצונגען זיינען געהאלטען געווארען אויף די גראונדס פון סאנאטאריום אין דוארטא, אדער אין דער עקס פיישענטס האום.

אפילו אין די באריכטען און אין די פראקטישע פארשלאגען, וואס זיינען געמאכט געווארען, האט זיך אפגעשפיגעלט די פייערליכקייט צוזאמען מיט דעם וואונש און ווילען דעם גרויסען נאציאנאלען אנשטאלט צו שטיצען און פארגרעסערען, ווי אויך דערמעגליכען דאס די לאנגע „וועיטינג־ליסט" פון די קראנקע אפליקאנטען זאל געקירצט ווערען ביז א מינימום.

די טעגליכע לאנטשענס, וועלכע זיינען געהאלטען געווארען נאך די פרימארגען זיצונגען און וועלכע זיינען באזוכט געווארען פון איבער טויזענט פערזאן, איינשליסענדיג די לאס־אנדזשעלעס טוער און פריינד, האבען פארגעזעצט די גרויסע און הערליכע פייערונג מיט גרויסארטיגע קאנצערטען, אין וועלכע עס האבען זיך באטייליגט פילע מוזיקאלישע קינסטלער פון די האליוואוד פילם סטודיאס.

אויך די אווענטען זיינען געווען פארנומען פון די דעלעגאטען און געסט ביי פייערונגען. די ערשטע נאכט, פון פרייטאג דעם 15טען יולי, זיינען אלע געווען די געסט פון פרעזידענט פון דער סאניטאריום באוועגונג, מארק קארטער און מרס. קארטער, אין זייער רייכער היים און פרעכטיגע גארדענס; שבת נאכט איז געהאלטען געווארען דער אפיציעלער קאנווענשאן באנקעט, אין רוזוועלט האטעל, ביי וועלכן עס איז געזאמעלט געווארען פון יחידים, ארגאניזאציעס און אקזילעריס א סומע פון נאענט פון פערציק טויזענט דאלער; זונטאג נאכט איז פארגעקומען א „דינער דענס" אין גרויסארטיקען „בילטמאר באל" פון בילטמאר האטעל, מיט באוואוסטע סטארס פון האליוואוד אלס ענטערטעינערס אין דער רייכער פלאר שאו און מוזיקאלישער פראגראם, מיט דעם באוואוסטען קאמיקער בעני רובין אלס „מאסטער אוו סערעמאניעס". דער פייערליכסטער טאג ביי דער קאנווענשאן איז אבער געווען זונטאג בייטאג, דעם 17טען יולי, אויף די גראונדס פון סאנאטאריום אין דוארטע, ווען די ניו יארקער דעלעגאציע פון די לאקאלען פון דער „אינטערנעשאנעל לידיס גארמענט ווארקערס יוניאן" האבען איבערגעגעבען זייער „הילקוויט מעמאריעל האספיטאל בילדינג", וואס איז פון זיי געבויט געווארען פאר העכער הונדערט טויזענט דאלער — צום סאנאטאריום.

איבער צוויי טויזענט מענשען זיינען דעם טאג געקומען אין סאנאטאריום, אפילו די פאציענטען, די וואס האבען נאר געקענט, זיינען ארויס אויף די פארטשעס אין בעטען אדער אין די „ריקליינינג טשערס", מקבל פנים צו זיין און צו באגריסען די דעלעגאטען.

די דעלעגאציע פון דער „אינטערנעשאנעל" פון ניו יארק, מיט לואידזשי אנטאניני בראש, זיינען נאטירליך געווען די הויפט געסט ביי דער קאנווענשאן בכלל, און בפרט ביי דער פייערונג פון חנוכת הבית פון דעם הילקוויט מעמאריעל האספיטאל. אלעמענס אויגען זיינען געווען געווענדעט צו זיי. ווען סעמועל גאלטער, דער עקזעקוטיוו דירעקטאר פון סאנאטאריום, צוזאמען מיט מארק קארטער, דעם פרעזידענט, האבען געפירט די „אינטערנעשאנעל דעלעגאציע ארום זייער בילדינג, איז די פיל־טויזענט קעפיגע מאסע געשטאנען פון ווייטען און מיט יראת כבוד נאכגעפאלגט זייער יעדען שריט און טריט און מיט גרויס דרך ארץ זיך צוגעהערט צו יעדען ווארט וואס איז פון זיי ארויסגערעדט געווארען.

אז די האספיטאל געביידע, וועלכע איז אויפגעשטעלט געווארען פון די אינטערנעשאנעל לאקאלס 89, 62, 91, 22, 117, 10 און 155, צוזאמען מיט דער דזשאינט באארד פון די קלאוקמייקערס אין ניו יארק און די אינטערנעשאנעל לאקאלס אין שיקאגא און פאסיפיק קאוסט, איז געפעלען דער דעלעגאציע, דאס האט מען געקענט באמערקען פון זייערע בליקען און הערען פון די אויסרופען פון באגייסטערונג, וואס דער אויסערגעוויינליכער ארטיסטישער אויסזעהן פון דער גאנצער געביידע און פון דעם ווי די פארשידענע צימערען זיינען געבויט געווארען, האט אויף זיי געמאכט.

ווען מען טרעט אריין אין דער האספיטאל געביידע, פילט זיך ווירקליך אזוי ווי מ'וואלט אריינגעטראטען אין א מקום קדוש. א הייליגער ציטער האט באהערשט יעדערען, וועלכער איז אריינגעטראטען אין דעם רונדען אויפנאם־צימער, געבויט אזוי ווי א טעמפעל. דער ערשטער צימער איז ספעציעל געבויט געווארען אויף די געלט וועלכע די „אינטערנעשאנעל", אלס א גאנצע, האט געהאלטען פאר א פאסיגען „הילקוויט מעמאריעל". נאך דעם ווי די בויער האבען באוואונדערט זייער שאפונג, האט מען די פילע טירען פון די 9 יוניט געביידעס, וועלכע זיינען געבויט לויט דעם אויסזען פון א „סטאר פיש", אויפגעעפענט אויך פאר דער אינספעקציע פון אלגעמיינעם עולם.

פונקט דריי אזייגער בייטאג איז מען צוגעטראטען צו דער אפיציעלער פייערונג פון חנוכת הבית פון הילקוויט מעמאריעל האספיטאל.

אן ארקעסטער מוזיק האט געשפילט פארשידענע מוזיקאלישע קאמפאזיציעס. אויף דער בינע האבען זיך אויסגעזעצט די וויס־פרעזידענטען פון דער „אינטערנעשאנעל", לואידזשי אנטאניני, טשארלס זימערמאן, הערי גרינבערג, איזראעל פיינבערג, אויך די דעלעגאציע פון אכצען פון איטאליענישן דרעסמאכער לאקאל 89, אויך סעמועל שאר, מענעדזשער פון וואהייט גודס מייקערס לאקאל, און צוזאמען מיט זיי זעצען זיך אויך אויף דער בינע, מארק קארטער, סעמועל גאלטער, לואי פיין, דער טשערמאן פון לאס אנדזשעלעס דזשאינט באארד; אויך ב. קאהען, דער ערשטער פרעזידענט פון סאנאטאריום באוועגונג, און פ. קארל, וויס־פרעזידענט פון דער באארד אוו דירעקטארס.

פ. קארל טרעט צו צום מייקראפאן און דער איבערגעפאקטער אודיטאריום ווערט שטיל און ערנסט. אין איניגע געציילטע אבער זייער פאסיגע ווערטער עפענט ער די פייערליכע פארזאמלונג און לאדעט איין גאלטער'ן, ער זאל פארשטעלען דעם טשערמאן פון מיטינג, סעמועל שאר, פון ניו יארק, איינעם פון די אנערקענטסטע פירער פון דער ארבעטער באוועגונג.

שאר האט וואונדערליך דורכגעפירט די גרויסע צערעמאניע.

„לאס אנדזשעלעס, היר ווי קעים!" — מיט די ווערטער האט שאר אנגעפאנגען איינע פון די שענסטע און הארציגסטע רעדעס וועלכע ער האט ווען געהאלטען.

„מיר זיינען אהער געקומען צו פארשפרעכען, אז דיזע גלארייכע אינסטיטוציע זאל אויסגעהאלטען ווערען און יעדער טובערקולאז קראנקער זאל דא געהיילט ווערען, — האט שאר אויסגערופען, און ער פרעגט:

„וואס איז דא צו וואונדערען זיך, וואס מיר, א לייבאר יוניאן, זיינען אזוי שטארק פאראינטערעסירט אין אזא אינסטיטוציע? — די קראנקע זיינען דאך אלע וואס קומען פון די רייען פון די ארבייטער און אונזערע יוניאנס זיינען דאך די וואס זוכען אפצושאפען די דאזיגע פראלעטארישע קראנקהייט".

„מיר פון דער „אינטערנעשאנעל" האבען פאר צוויי יארען געפייערט דעם חנוכת הבית פון דער שלעזינגער־זיגמאן לייברערי, איצט — פון דעם הילקוויט מעמאריעל האספיטאל. דאס איז ווידער א באווייז ווי מיר זארגען סאי פאר דער נשמה און סאי פאר'ן גוף פון אונזערע מיטגלידער און פון אונזערע מיטמענשען".

סעמועל שאר געהט דאן איבער צו געבען אן אפשאצונג פון מאריס הילקוויט, אין וועמענס אנדיינקען דער גרויסארטיגער האספיטאל איז געבויט געווארען.

„מאריס הילקוויט איז געווען ניט נאר דער לאיער, נאר דער פונדאמענט פון דער ארבייטער באוועגונג. זיין נאמען וועט לעבען שטענדיג. ער איז דער סינאנים פון אונזער גאנצער „אינטערנעשאנעל". כל זמן עס וועט נאר זיין א סימן פון דער ארבייטער באוועגונג, וועט הילקוויט'ס נאמען אימער מיט ערפורכט דערמאנט ווערען", — און אלס דעם ערשטען רעדנער שטעלט ער פאר דעם וויס־פרעזידענט, איזראעל פיינבערג.

פיינבערג שטעלט זיך אפ מייסטענס אויף הילקוויט'ן דעם פירער און טעארעטיקער פון דער סאציאליסטישער באוועגונג און סאציאליסטישען אינטערנאציאנאל, און ער פארענדיגט זיין קורצע שיינע רעדע מיט אן אפיל אנצוהאלטען דעם אינטערעס איבער דעם לאס אנדזשעלעס סאנאטאריום, וואו עס איז דער פאסיגסטער פלאץ אוועקצושטעלען מאנומענטען נאך די בארימטע פירער פון דער ארבייטער באוועגונג, וועלכע ווערען צוליב זייער ניט נארמאלען לעבען אנגעגריפען די ערשטע פון דער שרעקליכער אויסצערענדער טובערקולאז קראנקייט.

נאך פיינבערג'ן ריידען וויס־פרעזידענט טשארלס זימערמאן, מענעדזשער פון דרעסמאכער לאקאל 22, און וויס־פרעזידענט הערי גרינבערג, מענעדזשער פון לאקאל 91, און שאר שטעלט דאן פאר דעם ערשטען וויס־פרעזידענט פון דער „אינטערנעשאנעל לידיס גארמענט ווארקערס יוניאן" און מענעדזשער פון גרויסען איטאליענישען דרעסמאכער לאקאל 89 — לואידזשי אנטאניני.

אנטאניני האט ביי דער קאנווענשאן און ביים חנוכת הבית פארטראטען ניט בלויז זיין לאקאל, נאר אויך די אינטערנעשאנעל. ער האט אנגעפאנגען זיין רעדע מיט דעם לייענען די פאלגענדע טעלעגראמע פון פרעזידענט דובינסקי:

„די מיטגלידער און פירערשאפט פון דער אינטערנעשאנעל לידיס גארמענט ווארקערס יוניאן פאראייניגען זיך מיט אייך אלעמען ביי דער איינדרוקספולער געלעגענהייט, ווען דער פיינער, מענשליכער פראיעקט, וואס איז באשטימט צו ראטעווען די לעבענס און דעם געזונט פון פילע וואס ליידען פון טובערקולאזיס, איינשליסענדיג אונזערע אייגענע ארבייטער, דערגרייכט די ענדליכע פארווירקליכונג דורך דעם אויפבויען פון דעם מאריס הילקוויט מעמאריעל האספיטאל אלס א טייל פון אייער נאבעלער אינסטיטוציע און אייביגען אנדענקען צו זיין פירערשאפט אין אונזער באוועגונג. געבויט דורך דער איניציאטיווע און ביישטייערונגען פון אונזערע לאקאלע ארגאניזאציעס און פון אונזער אינטערנעשאנעל יוניאן, און געווידמעט צום אונשטערבליכען אנדענקען פון מאריס הילקוויט, פארקערפערט דער האספיטאל מיט זיך די אידעאלען פון ארבייטער זעלבסט־הילף און סאלידאריטעט, פאר וועלכע אונזער יוניאן איז אלעמאל געשטאנען און האט אלעמאל פראקטיצירט און צו וועלכע מאריס הילקוויט האט געווידמעט זיין גרויס און פרוכטבאר לעבען אין דינסט פון גאנצען ארבייטער קלאס און פון אונזערע ארבייטער ספעציעל.

(אונטערגעשריבען) דוד דובינסקי.

אנטאניני האט א ספעציעלען אינטערעס פאר דעם סאנאטאריום. ווי ער אליין דערציילט, איז זיינער אן עלטערער ברודער, מיט 25 יאר צוריק געשטארבען פון דער דאזיגער באצילען קראנקהייט, האט זיין איטאליענישער לאקאל באשלאסען ניט נאר צו בויען א יוניט אין הילקוויט'ס מעמאריעל האספיטאל, נאר זיי האבען זיך אויך פארפליכטעט מיט א קאנטראקט אויסצוהאלטען די פאציענטען אין זייער אפטיילונג יעדען יאר.

אין זיין רעדע איבער די מאנומענטען, וואס די אינטערנעשאנעל בויט אין לאס אנדזשעלעס סאנאטאריום, האט אנטאניני איבערגעגעבען, אז הילקוויט און שלעזינגער, ביידע די באליבטסטע פירער פון דער ארגאניזאציע, זיינען אויך געווען קרבנות פון טובערקולאזיס, און דער סאנאטאריום איז דער פאסיגסטער פלאץ וואו אין זייער נאמען זאלען געבויט ווערען פאסיגע געביידעס, וועלכע זאלען געזונט מאכען אנדערע אנגעגריפענע. — פונקט ווי די פארשטארבענע האבען געארבייט דאפיר אז

(שלוס אויף זייט 18)

# וואָס עס הערט זיך אין דער אינטערנעשאָנאַל

די לעצטע עטליכע טעג איידער מיר גייהען צום דרוק מיט דעם נו־מער „גערעכטיגקייט", דערהערען זיך עטוואָס פרייליכערע קלאַנגען פון די שעפּער. סיי אין קלאָוק און סיי אין דרעס טרייד הייבט זיך אָן ווייזען אַ ביסעל ארבייט. און כאָטש עס איז נאָך גאַנץ ווייט דערפון פאַרלויפיג, אַז אַלע אונזערע מיט־גלידער זאָלען זיין באַזאָרגט מיט פּלעצער און מאַכען אַ וואָך שכירות, כאָטש עס גייהען נאָך אַלץ אַרום ליידיג טויזענדער קלאָוק און דרעסמאַכער, און אַפילו די מערסטע פון די וואָס האָבען פּלעצער, ארבייטען נאָך אַלץ נישט קיין פולע וואָכען, איז דאָך די אַטמאָספערע אביסעל לע־בעדיגער. עס שפּיגעלט זיך שוין נים אָפּ אין די אויגען אַזוי שטאַרק די דערשלאָגענקייט און אַפּאַטיע. עס בליצען אויף פונקען פון האָפענונג אין די אויגען, אַז אָט־אָט וועט ווידער זיין ארבייט. עס ווילט זיך נאַטירליך האָפען, אַז די ערוואַרטונגען וועלען מקוים ווערען. אָבער וואָס עס זאָל ניט זיין, די האָפענונג אליין איז שוין אויך אַ שטי־קעל טרייסט.

דאָס דערנענטערען זיך פון סעזאָן און די ביסעל מער אַרבייט אין די שעפּער שפּיגעלט זיך אויך אָפּ אין דעם לעבען און טעטיגקייט פון אונזערע יוניאָנס.

## ניט־גודס אַרבייטער גרייט צום סטרייק אויב באָסעס בלייבען איינגעשפּאַרט.

דער אַגרימענט אין ניטגודס טרייד איז אויסגעגאַנגען דעם 15טען יולי. אין די קאָנפערענצען וואָס עס זיינען אָפּגעהאַלטען געוואָרען מיט פאַרטרעטער פון דער אַסאָ־סיאיישאָן, איז ביז מיר גייען צום דרוק מיט דער „גע־רעכטיגקייט", ניט מעגליך געווען צו אייניגען זיך. די יוניאָן האָט אַרויסגעשטעלט פאָלגענדע פאָדערונגען צום נייעם אַגרימענט: אַ 35־שטונדיגע ארבייטס וואָך; הע־כערונג פון 20 פּראָצענט אויף די שכירות; צוויי וואָכען באַצאָלטע וואַקאַציע; און באַצאָלט פאַר אַ פולען טאָג אר־בייט ווען אַן ארבייטער ווערט גערופען אין שאָפּ, אַפילו ווען ער האָט ניט קיין פולען טאָג באַשעפטיגונג. אויף די פאָדערונגען האָבען די פאַרטרעטער פון די בעלי בתים אַרויסגעשטעלט פאָלגענדע געגען־פאָדערונגען: אַ 40־שטונדען וואָך; אַ לוין־שניט פון 15 פּראָצענט; דאָס רעכט פון די בעלי בתים אַרויפצונעמען טעמפּאָרערי אַרבייטער אין סעזאָן פאַר זעקס וואָכען און נאָך אַזוינע קאָנצעסיעס. די פאַרטרעטער פון דער יוניאָן אונטער דער פירערשאַפט פון מענעדזשער לואיס נעלסאָן, האָבען נאַטירליך די חוצפּה׳דיגע פאָדערונגען פון די בעלי בתים גלייך צוריקגעוויזען.

די ניטגודס יוניאָן האָט געמאַכט אַלע נויטיגע פאַר־בערייטונגען פאַר אַ גענעראַל סטרייק אין טרייד. אַלע סטרייק קאָמיטעס זיינען באַשטימט געוואָרען. אַפילו האָלס פאַר די סטרייקער צו פאַרזאַמלען זיך זיינען שוין געדונגען. אַ באַגייסטערטער מיטינג פון שאָפּ טשערליים און נאָכדעם אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון מיטגלידער, ביי וועלכער עס זיינען אַנוועזענד געווען איבער צוויי טויזענט אַרבייטער, האָבען גוטגעהייסען די האַנדלונגען פון זייער קאָנפערענץ קאָמיטע און געגעבען פולמאַכט זייע־רע פירער צו רופען אַ סטרייק ווען זיי וועלען עס גע־פינען פאַר נויטיג.

פּרעזידענט דובינסקי און די גענעראַל עקזעקוטיוו באָאַרד האָבען פאַרשפּראָכען פולע שטיצע דער ניטגודס אַרבייטער יוניאָן, אויב עס זאָל קומען צו אַ סטרייק. דאָס זעלבע האָבען פאַרשפּראָכען פולע שטיצע די פאַר־שטייער פון אַלע אַנדערע ניטגודס לאָקאַלס אין אַנדערע שטעט. די ניטגודס אַרבייטער האָבען באַוויזען מיט צוויי יאָר צוריק און דורך דער צווישען־צייט, אַז זיי זיינען גוטע קעמפער. אויב עס זאָל קומען איצט צו אַ סטרייק, וועלען זיי זיכער באַווייזען אַז זיי הייסען ווי צו קעמפען און ווי צו געווינען זייערע פאָדערונגען.

די אַסאָסיאיישאָן פון די טעקסטיל טרימינג בעלי בתים האָט שוין קליגער געהאַנדעלט; אַזוי שנעל ווי די אַרבייטער פון דער אָפּטיילונג וועלכע זיינען אויך מיטגלי־דער אין דער ניטגודס אַרבייטער יוניאָן לאָקאַל 155 האָבען געשטימט פאַר אַ סטרייק, האָבען־זיי נאָכגעגעבען די יוניאָן פאָדערונגען און אונטערגעשריבען דעם אַגרי־מענט. די אַרבייטער האָבען געוואונען אַ העכערונג אויף די שכירות פון 10 ביז 20 פּראָצענט; אַ וואָך וואַקאַציע מיט געצאָלט און באַצאָלט אַ פולען טאָג אַרבייט ווען אַן אַרבייטער ווערט גערופען אין שאָפּ. אַלע אַנדערע באַדינ־גונגען זיינען די זעלבע ווי אין לעצטען אַגרימענט.

## סלאָוס טרייד פאָדערט ענדערונגען אין די אַרבייטסלאָזע אינשור־רענס רולס

דורך דער לעצטער סלעקצייט, ווען עס איז צום ערשטען מאָל אויסגעפּרובט געוואָרען ווי עס אַרבייט דער נייער אַרבייטסלאָזער אינשורענס געזעץ אין דער קלאָוק אינדוסטריע, האָט די קלאָוק דזשאָינט באָאַרד איינגעזען, אַז ביי די איצטיגע רולס אין ניו יאָרק סטייט ביים אויס־צאָלען די אַרבייטסלאָזען בענעפיט קומט אויס די קלאָוק־מאַכער צו ליידען פון ספּעציעלע שוועריגקייטען צוליב דעם כאַראַקטער פון טרייד. לויט די רולס זיינען צו בענעפיט באַרעכטיגט בלויז די, וואָס זיינען אין גאַנצען אַרבייטסלאָז אַ געוויסע צאָל וואָכען. אויב אָבער אַן אַר־בייטער מאַכט אין מיטען אַפילו בלויז אַ פּאָר שטונדען אַרבייט, וואָס עס ברענגט אים אַריין מער ווי צוויי דאָלער איז ער שוין צום בענעפיט ניט באַרעכטיגט.

דאָס שאַפט אַ מערקווירדיגע לאַגע אין אַזאַ טרייד ווי ביי קלאָוקס. אַפילו אין דער גרעסטער סלעק מאַכט זיך אָפּט אין יעדען שאָפּ אַ שטונדע אָדער צוויי אַר־בייט פאַר אַ פּאָר בעל־מלאכות. ווען אָבער זיי זאָלען עס אָננעמען, וועלען זיי פאַרלירען דאָס רעכט אויף די בענעפיט פאַר דער וואָך וואָס דאָס טרעפט אָן פיל מער ווי די פּאָר שטונדען שכירות וואָס זיי קענען פאַרדינען אין שאָפּ. דער רעזולטאַט איז אַז די מערסטע אַרבייטער ענט־זאָגען זיך אונטער די אומשטענדען אַריינצוקומען אין שאָפּ פאַר אַ פּאָר שטונדען. דערפון ליידען סיי די אַרביי־טער, ביי וועלכע עס ווערט דורכדעם אַוועקגענומען די מעגליכקייט צו פאַרדינען נאָך אַ פּאָר דאָלער וואָס וואָלט זיי גוט צונוץ געקומען, און סיי די בעלי־בתים, וועמען עס איז שווער צו קריגען אויפגעמאַכט אַ פּאָר ספּעשעלס ווען עס קומט אַריין.

דזשענעראַל מענעדזשער איזידאָר נאַגלער, האָט די פראַגע אויפגעהויבען ביי דער יערליכער קאָנפערענץ פון דער קאָוט און סוט ריקאָווערי באָאַרד, און האָט פאַר־געשלאָגען אַז די קערפּערשאַפט וואָס עס זיינען פאַר־טראָטען אַלע צדדים אין דער אינדוסטרי זאָל פאָדערן ענדערונגען אין די רולס וואָס זאָל מעגליך מאַכען אויך פאַר טיילווייז אַרבייטסלאָזע צו קריגען זייער בענעפיט. דעם מאָנאַט איז די פראַגע אויפגענומען געוואָרען פון דער לעדזשיסלייטיוו קאָמיטע־פון דער ריקאָווערי באָאַרד און עס איז באַשלאָסען געוואָרען צו פאָדערן אַזוינע ענ־דערונגען אין די רולס. ביי דער געלעגענהייט האָט דער הויפּט לאָיער פון דער באָאַרד, מילטאָן דוש. ליווי אָנגע־וויזען, אַז אין ניו יאָרק סטייט זיינען די רולס קאָנסער־וואַטיווער ווי אין וועלכען עס איז אַנדערען סטייט אין דער היינזיכט. אין אַנדערע סטייטס ערמוטיגט מען דוקא די אַרבייטסלאָזע אָנצונעמען צייטווייליגע באַשעפטיגונג און ניט נאָר פאַרלירען זיי דורך דעם ניט זייער בענעפיט נאָר זיי קריגען נאָך עקסטראַ. דער איינציגער סטייט וואָס דערלאָזט ניט די אַרבייטסלאָזע מאַכען אַ פּאָר סענט עקסטראַ איז ניו יאָרק.

## סופרים קאָורט ענטשיידעט אַז לימיטיישאָן איז געזעצליך

סופרים קאָורט דזשאַסטיס ליווי האָט דעם מאָנאַט אַרויסגעגעבען אַן ענטשיידונג וואָס איז פון דער גרעס־טער וויכטיגקייט פאַר די קלאָוק און דרעסמאַכער אין ניו יאָרק און פאַר די אַרבייטער פון די אַנדערע נאָדעל טרייד יוניאָנס אין דער צוקונפט. די ענטשיידונג לויטעט, אַז דער פונקט אין אַ יוניאָן אַגרימענט וואָס באַגרעניצט די צאָל קאָנטראַקטאָרס וואָס אַ דזשאָבער אָדער מאַנו־פעקטשורער מעג באַשעפטיגען איז געזעצליך און מען קען אַזאַ אַגרימענט ניט בטול מאַכען אויפ׳ן גרונט אַז דאָס באַגרעניצט דאָס רעכט פון דזשאָבער און קאָנ־טראַקטאָר אַרויסצוגעבען אָדער אָננעמען אַרבייט פון וועמען זיי ווילען.

די ענטשיידונג איז אַרויסגעגעבען געוואָרען אויף דער קלאַגע פון אַ דרעס קאָנטראַקטאָר, לאַזאַרוס סטיינער, געגען דער אינטערנעשאָנעל, דער דרעס דזשאָינט באָאַרד, דריי אַסאָסיאיישאָנס, פּרעזידענט דובינסקי און די בע־אַמטע פון דעם דרעס דזשאָינט באָאַרד, דערפאַר וואָס זיי האָבען אים ניט דערלאָזט אַרויסנעמען אַרבייט פון אַן אַנדער דזשאָבער אויסער דעם וועלכער האָט אים רע־דזשיסטרירט אַלס זיין קאָנטראַקטאָר. דער דזשאָבער פאַר וועלכען סטיינער האָט געאַרבייט איז אַרויס פון ביז־נעס און סטיינער האָט געקלאָגט אַז איבער דעם פונקט אין אַגרימענט צווישען דער יוניאָן און די אַסאָסיאיישאָנס קען ער ניט קריגען קיין אַרבייט אין טרייד. אַזאַ אַגרי־מענט, האָבען סטיינער׳ס לאָיערס גע׳טענה׳ט, מאָנאָפּאָלי־זירט דעם טרייד און איז דעריבער געגען די אַנטי־טראָסט געזעצען. דער אַגרימענט דאַרף דעריבער דער־קלערט ווערען פאַר ניט גילטיג.

אין זיין אַנטשיידונג זאָגט דזשאַסטיס ליווי, אַז כאָטש אויבערפלעכליך קען זיך אויסווייזען אַז דער פונקט וועגען באַגרעניצען קאָנטראַקטאָרס איז געגען די אַנטי־טראָסט געזעצען, מוז מען אָבער נעמען אין אַכט, אַז אַ יוניאָן, כדי צו באַשיצען די באַדינגונגען פון אירע מיט־גלידער, מוז אויך רעגולירען די באַציאונגען צווישען די דזשאָבערס און די קאָנטראַקטאָרס דאָס איז דעריבער אַ געזעצליכער פונקט אין דעם אָפּמאַך צווישען אַ יוניאָן און בעלי־בתים.

דזשוליוס האָכמאַן, דזשענעראַל מענעדזשער פון דער דרעס דזשאָינט באָאַרד, האָט וועגען דער ענטשיידונג גע־מאַכט די פאָלגענדע ערקלערונג

„די ענטשיידונג פון סופרים קאָורט דזשאַסטיס ליווי אַז דער פונקט אין אונזער אַגרימענט וואָס באַגרעניצט די צאָל קאָנטראַקטאָרס וואָס אַ דזשאָבער מעג באַשעפ־טיגען איז געזעצליך, איז איינע פון די וויכטיגסטע ענט־שיידונגען פאַר די אַרבייטער וואָס וועט אָהן ספק דינען אַלס אַ פּרעצעדענט אין דער צוקונפט. דירעקט געווינען שוין דערפון די 140,000 דרעסמאַכער און קלאָוקמאַכער פון ניו יאָרק און אומגעגענד, וועלכע האָבען זיך דערשלאָ־גען די אויסבעסערונג דורך ביטערע קאַמפען אין אַ משך פון יאָרען. די באַגרעניצונג פון קאָנטראַקטאָרס וואָס אונזער דרעסמאַכער יוניאָן האָט אויסגעקעמפט, האָט באַדייטענד סטאַביליזירט איינע פון די כאַאָטישע אינ־דוסטריען וועלכע איז געטריבען געוואָרען אין אָפּגרונט דורך דער הפקרות פון מאַנכע בעלי־בתים און פון דער האַלז־שניידענדער קאָנקורענץ וואָס זיי האָבען אָנגעפירט צווישען זיך אויפ׳ן חשבון פון דעם אַרבייטער׳ס פאַר־דינסטען. דאָס אָנערקענען איצט שוין ניט נאָר די אַר־בייטער פון אונזער אינדוסטריע, נאָר אויך די אָנשטענ־דיגע און מער ווייטזיכטיגע מאַנופעקטשורערס.

„אין דער אינדוסטריע זיינען נאָך אָבער געבליבען אַ צאָל טשיזלערס וואָס חלום׳ען נאָך וועגען די אַלטע גוטע צייטען, ווען זיי האָבען געמאַכט פּראָפיטען אויפ׳ן חורבן פון דער אינדוסטריע. זיי האַלטען וועלען אָט די צייטען צוריקברענגען. מיר האָבען גענוג גרונד חושד צו זיין אַז הינטער דער קלאַגע פון דעם קאָנטראַקטאָר זיינען געשטאַנען אַנדערע, גרעסערע בערען פון דער אינדוסטרי וואָס האָבען אויסגענוצט סטיינער׳ן. אין דער האָפענונג אַז דורך אים וועט זיי געלינגען צו ברעכען דעם קאָנ־

געזוכט צו שאפען. אויב זיין אינדזשאנקשאן זאל פארבלייבען, מאכט עס פאקטיש צונישט די געזעצען וואס די ארבייטער האבען אויסגעקעמפט מיט אזוי פיל מיה.

א צווייטער פאל האט פאסירט דעם מאנאט אין לאנג איילאנד סיטי. די ארבייטער פון דער סאגאמאר מעטאל גודס קארפארײשאן זיינען דארט אין סטרייק זינט מיטען מאי. דער סטרייק איז פאראורזאכט געווארען דורך דעם וואס די פירמע האט אויסגעשלאסען די ארבייטער פון איר פאלישינג דעפארטמענט דערפאר וואס זיי זיינען צו גוטע יוניאן לייט. די ארבייטער פון די אנדערע אפטיילונגען האבען געענטפערט מיט א סטרייק.

די פירמע האט דאן באשלאסען ארויסצומופען דעם שאפ אין יוניאן סיטי, ניו דזשוירזי, אונטער דעם שוץ פון דעם טרויעריג בארימטען מעיאר העיג. די סטרייקער האבען זיך דערוואוסט וועגען דעם און האבען זיך אריינגעריסען אין שאפ ניט צו דערלאזען ארויספירען די מאשינען. די פאליציי האט אבער איינגעבראכען די טירען פון דער פעקטארי און ארעסטירט 24 פון זיי. א „פריינדליכער" מעדזשיסטרייט, גוסטאוו וויעבאלד, האט זיי געשטעלט אונטער 37 טויזענד דאלער בעיל, ניט ווארטענדיג אפילו צו הערען דעם לאיער פון דער יוניאן. ניט קענענדיג באלד צושטעלען די הויכע בעיל, האט מען די סטרייקערס איינגעשפארט אין פריזאן.

## ארבייטער ווערן זיך געגען מגפה פון לוין־שניטען

די אלע סטרייקס און פארפאלגונגען וואס מיר האבען דא באשריבען, מיט דער אויסנאם פון דעם סטרייק אין דער „סאגאמאר", זיינען ארויסגערופען געווארען דורך דעם פארזוך פון די בעלי בתים צו שניידען שכירות. די לעצטע צייטען האבען די פארזוכען פון באסעס צו שניידען שכירות אנגענומען דעם כאראקטער פון אן עפידעמיע. די ארבייטער ווערען זיך מיט אלע מעגליכקייטען. ניט איבעראל אבער געלינגט זיי אנצוהאלטען זייער פריערדיגען לוין. דער פארזוך פון די אייזענבאן קאמפאניס צו שניידען די שכירות פון דעם קארגען מיליאן ארבייטער, וואס ווערען באשעפטיגט אויף די ערשט־קלאסיגע אייזענבאנען, איז דער גרעסטער און וויכטיגסטער פון דעם אנגריף אויף דעם ווידזש־סטענדארד פון די אמעריקאנער ארבייטער. אויף די אייזענבאנען קען אבער, לויט דעם געזעץ, ניט גערופען ווערען קיין סטרייק אדער א לאקאוט אזוי לייכט. ביידע צדדים מוזען פריער דורכגיין א באשטימטע פראצעדורע פון פארהאנדלונגען און פארמיטלונג. ערשט ווען מען קען זיך באין אופן ניט איינינגען קען גערופען ווערען א סטרייק.

ווערען איצט טאקע אנגעפירט אט די פארהאנדלונגען צווישען די פארטרעטער פון די אייזענבאן ארבייטער מיט די פירער פון די קאמפאניס. ביידע צדדים זיינען איינגעשפארט און ענטשלאסען. די קאמפאניס באשטייען אויף זייער פאדערונג פאר א פארקירצונג פון לוין מיט 15 פראצענט. זייער ווארט־זאגער, ה. א. הענאקס, האט ערקלערט, אז די אייזענבאן קאמפאניס וועלען ניט פארשלאגען קיין קאמפראמיס. זיי באשטייען אויף די פולע 15 פראצענט. א. פ. וויטני, דער פארשטייער פון די רעילוועי בראדערהודס ביים קאנפערענץ, איז פונקט אזוי ענטשלאסען ניט נאכצוגעבען. ער האט ערקלערט אז די ארבייטער זיינען בארעכטיגט צו מאכען א לעבען פון זייער ארבייט, גאנץ גלייך אויב די שערהאלדערס קריגען דיווידענטען אדער ניט.

די לוין שניט מגפה האט אויך דערגרייכט אונזערע נידל טריידס. די פאקעטבוך מאכער יוניאן האט דעם מאנאט אונטערגעשריבען א נייעם אגרימענט מיט די בעלי בתים, אננעמענדיג א פארקלענערונג פון די שכירות אויף 6% פראצענט פאר די ארבייטער אין די ביליגע ליינס פאקעטבוקס, די וואס פארקויפען זיך ריטעיל פאר $1.95 און $2.95 א שטיק.

דער אגרימענט איז אונטערגעשריבען געווארען פאר צוויי יאר צייט, ביז דעם 1טען יולי, 1940. דער לוין־שניט איז בלויז פאר דעם ערשטען יאר פון אגרימענט און די שכירות דארפען צוריק געהעכערט ווערען צו ביז דעם איצטיגען סטענדארד אין יולי 1939. די ארבייטער האבען אויך געגעבען די בעלי בתים אנדערע וויכטיגע [illegible]עסיעס, צווישען וועלכע עס איז דאס רעכט פון אלע [illegible]עקטשורערס צו דינגען נייע ארבייטער פאר גע[illegible]לשען מיט 6% פראצענט ווייניגער ווי דער איצטיגער [illegible]מום סקעיל; דאס רעכט צו ארבייטען זיבען א האלב [illegible] אווערטיים א וואך פאר געוויינליכען געצאלט [illegible] אז געוויסע ארבייטער מעגען אריינקומען ארבייטען [illegible] אויף ארויסצופינישען ארבייט וואס דארף אוועקגע[illegible] ווערען דעם טאג.

דער אגרימענט איז גוטגעהייסען געווארען ביי א מי־טינג פון די מיטגלידער מיט א גרויסער מאיאריטעט, כאטש עס זיינען אויך געווען א צאל געגנער וועלכע האבען אנגעוויזען, אז פאקטיש מיינט עס אז די יוניאן האט נאכגעגעבען די בעלי בתים די פערציג־שטונדען וואך, ווייל די זעקס פראצענט פארקלענערונג אויף די שכירות און אווערטיים פאר געוויינליכע שכירות, מאכט מעגליך פאר די בעלי בתים צו באשעפטיגען זייערע ארבייטער פערציג שטונדען א וואך פאר די זעלבע שכירות וואס זיי קריגען איצטער פאר 37½ שטונדען.

### אנדערע סטרייקס און סעטעלמענטס דורך דעם מאנאט.

דער רינגלינג בראדערס־בארנום ענד ביילי צירק האט דעם מאנאט אויסגעשלאסען די ארבייטער און האט אויפגעגעבען די פארשטעלונגען דאס יאר, נאכדעם ווי די ארבייטער האבען זיך אנטזאגט אנצונעמען א לוינשניט פון 25 פראצענט. דער צירק האט געהאט אן אגרימענט מיט דער אקטיארען יוניאן פון דער א. פ. או ל., וועלכער דארף נאך לויפען 4 יאר. די יוניאן קלאגט איצט די קאמפאני פאר ברעכען דעם אגרימענט.

די פול פעשאנד האזשערי ווארקערס יוניאן האט דעם מאנאט באנייט איר אגרימענט מיט דער אסאסיאיישאן אויף א נאציאנאלען מאסשטאב, אויפהאלטענדיג פאקטיש די זעלביגע ארבייטס באדינגונגען, שטונדען און שכירות. דער אגרימענט איז פאר דריי יאר. די יוניאן פאנגט אין גיכען אן א שטארקען ארגאניזאציאנס קאמפיין אין די זאקען מילען אין דער סאוט.

א סטרייק פון 6,000 בילדינג טרייד ארבייטער אויף די געביידען פון דער ניו יארקער וועלט אויסשטעלונג איבער א יוריסדיקציע סכסוך צווישען טעלעפאן ארבייטער און עלעקטרישענס, איז געסעטעלט געווארען נאך דריי וואכען. די באדינגונגען זיינען ניט פארעפענטליכט געווארען.

די ארבייטער אין די צוקער פאבריקען אין פילאדעלפיע האבען, נאך א סטרייק, וואס האט אנגעהאלטען דריי וואכען, געסעטעלט און צוריקגעגאנגען ארבייטען. דער סטרייק איז געווען פאר דער פאדערונג פון קלאוזד שאפ. געסעטעלט האט מען אויף א קאמפראמיס.

די ארבייטער אין א צוקער פאבריק אין עדזשוואוד, ניו דזשוירזי, האבען דריי וואכען אנגעהאלטען א זיץ־סטרייק געגען א פארזוך פון זייערע בעלי בתים צו שניידען שכירות. די פירמע האט זיך אנטזאגט צו פארהאנדלען מיט דער יוניאן ביז די ארבייטער וועלען פארלאזען די פאבריק. די ארבייטער האבען דאס נאכגעגעבען און פיקעטען איצט די פעקטארי. פארהאנדלונגען גייען אן פאר א סעטלמענט.

די נעשאנעל בראדקעסטינג קאמפאני האט דעם מאנאט אונטערגעשריבען אן אגרימענט מיט דער ראדיא ארטיסטס יוניאן פון דער א. פ. או ל. פאר אלע אירע אקטיארען, זינגער און מוזיקער, וואס טרעטען אויף אין די פראגראמען. דער אגרימענט איז אונטערגעשריבען געווארען נאך פארהאנדלונגען וואס האבען זיך געצויגען 5 מאנאטען.

### לייבאר ריליישאנס באארד אנטשיידעט פאר סי. אי. א.

די סי. י. א. האט דעם מאנאט געוואונען צוויי וויכטיגע ענטשיידונגען פון דער נעשאנעל לייבאר ריליישאנס באארד אין סכסוכים מיט דער א. פ. או ל.

איין ענטשיידונג איז געווען אין דער פראגע וועגען די ארבייטער אין די אויל פעלדער און רעפיינעריס פון דער „פיור איל קא.", אין מאסקעגי, אקלאהאמא. די אמעריקען פעדערײשאן או לייבאר האט געפאדערט אז אין דער אפשטימונג פון די ארבייטער זאל מען אנערקענען די פארשידענע פאכען אלס באזונדערע יוניטס און די ארבייטער פון יעדען פאך זאלען שטימען באזונדער ווער עס זאל זיי פארטרעטען. די סי. אי. א. ווידער האט געפאדערט אן אפשטימונג פון אלע ארבייטער און די יוניאן וואס וועט געווינען א מערהייט שטימען זאל אנערקענט ווערען אלס די איינציגע פארטרעטערין פון אלע ארבייטער פון דער קאמפאני. די באארד האט באשלאסען פאר אן אפשטימונג פאר אלע ארבייטער.

אין דעם פאל פון דער עלעקטריק וואקיום קלינער קאמפאני פון קליוולאנד, האט די לייבאר ריליישאנס באארד ערקלערט דעם קלאוזד שאפ אגרימענט וואס די פירמע האט אונטערגעשריבען מיט דער א. פ. או ל. אלס ניט גילטיג. די באארד האט ערקלערט אז דער אגרימענט איז אונטערגעשריבען געווארען געגען דעם ווילען פון די ארבייטער אין דער פאבריק. די באארד האט אויך געפאדערט דער קאמפאני צוריקנעמען 24 ארבייטער וואס זי האט אנטזאגט דערפאר וואס זיי באלאנגען צו דער סי. אי. א. יוניאן און זיי באצאהלען פאר דער צייט וואס זיי זיינען געווען אויסער ארבייט.

### ענדריוס באשטימט אלס אדמיניסטראטאר פון שטונדען־שכירות געזעץ.

פרעזידענט רוזוועלט האט באשטימט דעם סטייט אינדאסטריעל קאמישאנער פון ניו יארק, עלמער ענדריוס, אלס אדמיניסטראטאר פון דעם ניי־אנגענומענעם שטונדען־שכירות געזעץ.

ענדריוס' באשטימונג צו דעם אמט האט ארויסגערופען צופרידענהייט אין ארבייטער קרייזען. דער אמט איז פון דער גרעסטער וויכטיגקייט, ווייל דער אדמיניסטראטאר וועט עס דארפען באשטימען די אינדוסטריעלע קאמיסיעס פאר יעדער אינדוסטריע, וועלכע וועלען באשטימען די געזעצליכע מינימום שכירות פאר די ארבייטער און די מאקסימום שטונדען וואס זיי מעגען ארבייטען. דער אדמיניסטראטאר האט אויך די מאכט אנצונעמען אדער צוריקצוווייזען די רעקאמענדאציעס פון די קאמיסיעס.

### רייסערייען אין דער אוטא יוניאן ווערען אלץ שארפער

די רייסערייען אין אוטאמאביל ארבייטער יוניאן צווישען דער פראקציע פון פרעזידענט מארטין און די קאמוניסטיש געפירטע גרופע, איז דורך דעם מאנאט פארשארפט געווארען און אנגענומען אזעלכע פארמען, אז די עקזיסטענץ פון דער יוניאן ווערט געשטעלט אין געפאר.

אנגעהויבען האט זיך עס מיט א פארזוך פון דער סטאליניסטישער פראקציע פטור צו ווערען פון מארטינען און זיינע אנהענגער, וועלכע זיי באשולדיגען אלס לאווסטאניסטען. פיר וויס־פרעזידענטען און דער סעקרעטער־טרעזשורער, אדעס, האבען זיך געוואלט באנוצען מיט דער אבוועזענהייט פון מאנכע מיטגלידער פון דער גענעראל עקזעקוטיוו ארויסצושטויסען מארטינען פון אמט דורך רופען א מיטינג פון דער באארד ווען זיי האבען גערעכענט אז זייער צד וועט דארט האבען א מאיאריטעט.

די מאנעווערע האט זיך ניט איינגעגעבען. די אנהענגער פון מארטינען, דערוויסענדיג וואס די מארטימער גרופע איז אויסען, האבען פארלאזט דעם מיטינג און די געבליבענע האבען ניט געהאט קיין קוואטא. פרעזידענט מארטין האט דאן גערופען א מיטינג מיט עטליכע טעג שפעטער, וואו עס איז אנוועזענד געווען די גאנצע באארד און ער האט זיך אפגערעכענט מיט דער מארטימער גרופע דורך סוספענדירען די פיר וויס־פרעזידענטען און דעם סעקרעטער־טרעזשורער.

דורך דעם לעצטען מאנאט האט מארטין זיך גענומען אויף אן אמת פטור צו ווערען פון דער קאמוניסטיש־געפירטער אפאזיציע אין דער יוניאן. דער געוועזענער סעקרעטער־טרעזשורער, אדעס, איז גע'משפט געווארען פון דער גענעראל באארד פאר אויפפאדערען לאקאלען צו שיקען די פער־קאפיטא געלט פון דער אינטערנעשאנעל צו אים פערזענלאך, אנשטאט אין גענעראל אפיס און פאר פארהאלטען די יוניאן קאסע אין די בייַנק. די באארד האט אדעס'ן אויסגעשלאסען פון דער יוניאן.

די סוספענדירטע בעאמטע האבען אפעלירט צו די לאקאלס געגען דער האנדלונג פון פרעזידענט און דער גענעראל באארד. א צאל לאקאלס האלטען מיט זיי. די גענעראל עקזעקוטיוו האט זיך דעריבער גענומען ריארגאניזירען די ווידערשפעניגע לאקאלס. אין דעם אליס טשאלמער לאקאל אין מילוואקי האט דער באשטימטער פארטרעטער פון מארטינען זיך אריינגעריסען אין אפיס און פארכאפט די ביכער, רעקארדס און געלט, וואס דער לאקאל האט געהאט, און געעפענט אן אנדער אפיס. אין טעריטאון האט דער גענעראל אפיס אריינגעשיקט א רעסיווער און ארונטערגעזעצט פינף בעאמטע פון לאקאל און איבערגענומען דעם אפיס. ביי א שוואך־באזוכטען מיטינג, וואו עס זיינען אנוועזענד געווען בלויז ארום דריי הונדערט מיטגלידער פון די אומגעפער צוויי טויזענט מעמבערס וואס דער לאקאל פארמאגט, איז דורכגעפירט געווארען א באשלוס די פינף סוספענדירטע בעאמטע איינגאנצען אויסצושליסען פון דער יוניאן.

די קאמוניסטישע גרופע אין דער יוניאן, דערזעענדיג אז זיי האבען איבערגעשאצט זייערע כחות אין דער יוניאן און זיינען איצט אין געפאר אינגאנצען ארויסגעשטויסען צו ווערען, האבען זיך געווענדעט צו דזשאן ל. לואיס, פרעזידענט פון דער סי. אי. א., אז ער זאל זיך אריינמישען און אפשטעלען דעם קריג. לואיס האט פרובירט צוזאמענברענגען מארטינען מיט דרייצען פרעזידענטען פון לאקאל יוניאנס, וועלכע האבען זיך צו אים געווענדעט. אבער מארטין איז געווען „אויסען שטאט". אנשטאט ער זאל אליין קומען, האבען א צאל לאקאלס, וואס האלטען מיט אים, אריינגעשיקט לואיס'ן א ווארנונג אז די סי. אי. א. זאל זיך ניט אריינמישען אין דער אינערליכער אנגעלעגענהייט פון דער אוטא יוניאן.

פאַרלאַנג איז באַווילִיגט געוואָרען און זיי זיינען צוריקגעשיקט געוואָרען צו דער אַרבייט. דער שאַפּ אין בעטלעהעם איז נאָך פאַרלויפיג געשלאָסען. אָבער אויך דאָרט וועלען די אַרבייטער אין גיכען צוריקגענומען ווערען אַלס מיטגלידער פון דער יוניאָן.

„אַט די האַנדלונג פון דער פעדערײשאָן אין דער איצטיגער צייט — האָט ערקלערט עלייעס רייזבערג, — ווען דער ברודער־קאַמף אין דער טרייד־יוניאָן באַוועגונג פלאַקערט איבער'ן גאַנצען לאַנד; ווען יוריסדיקציע רייסערייען צווישען א. פ. אָוו ל. און סי. אַי. אָ. יוניאָנס גייען אָן אין צענדליגער שטעט און אינדוסטריען; ווען יעדער צד זוכט צו פאַרכאַפּען שעפּער פון צווייטען, דאַרף אַט די האַנדלונג באַזונדערס געלויבט און באַגריסט ווערען".

## טשילדרען דרעס שאַפּ אין פּענסילווייניע סעטעלט נאָך אַ סטרייק.

דער קאָטאָן גאַרמענט טרייד דעפּאַרטמענט האָט דעם מאָנאַט אונטערגעשריבען אַן אַגרימענט מיט איין גרויסען טשילדרען דרעס שאַפּ און געצוואונגען אַ דרעס מאַנופעקטשורער, וועלכער האָט אַנטזאָגט דער פּרייז קאָמיטע פון דער אַרבייט, זיי צוריקנעמען און דערצו נאָך העכערען די פּרייזען אויף דער אַרבייט פאַר די בעל מלאכות.

דער טשילדרען דרעס שאַפּ, וואָס איז יוניאָניזירט געוואָרען, איז דער „פּענן מעק שאַפּ", פון מעקאַדו, פּאַ. דאָרט ווערן באַשעפטיגט איבער הונדערט אַרבייטער. דער שאַפּ איז ביז איצט געווען אַן אָפּען שאַפּ און דער באָס האָט ניט געוואָלט הערען פון אָנערקענען די יוניאָן אָדער איינשטעלען יוניאָן באַדינגונגען. נאָכדעם אָבער ווי די אַרבייטער זיינען אַרונטער אין סטרייק און אָפּגעסטרייקט אַ וואָך, איז די פירמע ווייכער געוואָרען און אונטערגעשריבען אַן אַגרימענט מיט דער יוניאָן. אונטער'ן אַגרימענט האָבען די אַרבייטער געקראָגען אַ קלאָוזד יוניאָן שאַפּ; אַ 14־דאָלאַר מינימום געהאַלט און אַנדערע יוניאָן באַדינגונגען.

די „שערמאַן דרעס קאָמפּאַני" פון בעטלעהעם, פּאַ., איז געווען פון פריער אַ יוניאָן שאַפּ. דער באָס אָבער האָט זיך ניט געקענט צוגעוואוינען צו דעם, אַז די פּרייז קאָמיטע פון די אַרבייטער זאָלען האָבען אַ דעה איבער די פּרייזען וואָס ער דאַרף צאָלען די בעל מלאכות פאַר דער אַרבייט. ווען די קאָמיטע איז לעצטענס געקומען סעטלען מיט אים אַ פּרייז פאַר נייע סטיילס און האָט פאַרלאַנגט פּרייזען אַז די אַרבייטער זאָלען קענען פאַרדינען יוניאָן ווידזשעס, איז דער באָס אין כעס געוואָרען און האָט ענטזאָגט אַלע מיטגלידער פון דער פּרייז קאָמיטע פון דער אַרבייט.

די יוניאָן האָט, נאַטירליך, גלייך געענטפערט מיט אַ סטרייק. נאָכדעם ווי די אַרבייטער האָבען געפּיקעט דעם שאַפּ אַ וואָך, האָט זיך די פירמע אונטערגעגעבען און צוריקגענומען די אַרבייטער פון דער פּרייז קאָמיטע. אַלס באָנוס פאַר די סטרייקערס איז די פירמע געצוואונגען געוואָרען צו העכערען די פּרייזען און שכירות פאַר אַלע אַרבייטער מיט צען פּראָצענט.

## זעקס קאָרסעט אַרבייטער ריאינסטייטעט מיט בעק־פּעי.

לויט אַ באַשלוס פון דער לייבאָר רילייישאָנס באָאַרד, איז די „מילער קאָרסעט קאָ.", פון קאַנאַנדאַיגאַ, נ. י., געצוואונגען געוואָרען צוריק נעמען זעקס אַרבייטער, וועלכע זי האָט ענטזאָגט פאַר יוניאָן טעטיגקייט און באַצאָלען זיי בעק־פּעי פאַר דער צייט וואָס זיי האָבען פאַרלאָרען.

רייזבערג האָט די קלאַגע געבראַכט צו דער רידזשאָנעל באָאַרד. די פירמע האָט אָבער געגען איר ענטשיידונג אַפּעלירט אין וואַשינגטאָן. עלייעס ליבערמאַן האָט פאַרטראָטען די יוניאָן ביים פאַרהער דאָרטען און געוואונען די קעיס.

## אין אוט־אָוו־טאַון דעפּאַרטמענט

וויס־פּרעזידענט וואַנדער, מענעדזשער פון אוט־אָוו־טאַון דעפּאַרטמענט פון דער אינטערנעשאָנעל מעלדעט, אַז זיין דעפּאַרטמענט איז געלונגען צו אָרגאַניזירען די אַרבייטער פון פיר פרויען קליידער שעפּער אין ניו דזשוירזי און קריגען אַן אַגרימענט מיט די בעלי בתים טראָץ דעם וואָס עס איז פאַראַן איצט ווייניג אַרבייט אין די שעפּער.

די פיר שעפּער זיינען די „ראָהוועי ספּאָרטוועאר קאָ.", פון ראָהוועי, ניו דזש.; די „ראָיאל ספּאָרטוועאר" פון קאַרטערעט; די „שאַנד דרעס קאָמפּאַני" פון לינדען, נ. דזש. און די „קלעיר דרעס קאָמפּאַני" פון עליזאַבעט.

די אַרבייטס שטונדען אין די אַלע שעפּער איז אַרונטערגעשניטען געוואָרען צו 40 שטונדען אַ וואָך און די שכירות פון אַלע אַרבייטער איז געהעכערט געוואָרען מיט צוואַנציג פּראָצענט.

דער דעפּאַרטמענט ענטוויקעלט איצטער אַ שטאַרקע אָרגאַניזאַציאָנס טעטיגקייט אין ניו דזשוירזי און אַזוי שנעל ווי עס וועט ווערען מער אַרבייט אין די שעפּער ערוואַרטען זיי צו אָרגאַניזירען אַ צאָל אַנדערע אָפּען שאַפּס אין דעם סטעיט.

## 1,000 בראַזיר אַרבייטער אין בעיאָן קריגען אַ וואָך וואַקיישאָן מיט געצאָלט.

איבער 1,000 אַרבייטער, וואָס ווערען באַשעפטיגט אין דער „מעידען פאָרם בראַזיר קאָמפּאַני", אין בעיאָן, ניו דזשוירזי, וועלכע זיינען מיטגלידער פון לאָקאַל 160 פון דער אינטערנעשאָנעל, האָבען איצט געקראָגען באַצאָלט פאַר אַ פולע וואָך וואַקיישאָן, לויט דעם נייעם אַגרימענט, וואָס די יוניאָן האָט ניט לאַנג צוריק אונטערגעשריבען מיט דער פירמע.

כאָטש די אַרבייטער האָבען נאַטירליך נאָך פריהער געוואוסט, אַז דורך דעם אַגרימענט וועלען זיי קריגען פון דער פירמע אַ וואָך וואַקיישאָן מיט געצאָלט, האָט דאָך ביי זיי אַרויסגערופען גרויס אויפזען ווען זיי האָבען ערהאַלטען פרייטאַג פאַר צוויי וואָכען געצאָלט אין די פּעי ענוועלאָפּס, איינעם פאַר זייער רעגולערער וואָך אַרבייט און אַ וואָך עקסטראַ שכירות פאַר וואַקיישאָן.

לאָקאַל 160 איז דער ערשטער אין דעם אוט־אָוו־טאַון דעפּאַרטמענט, וואָס האָט געקראָגען דורך אַן אַגרימענט אַ וואָך וואַקיישאָן מיט געצאָלט פאַר זייערע מיטגלידער יעדעס יאָר. נאָך אַ שאַפּ אַרבייטער וואָס באַלאַנגען צו דעם לאָקאַל, דער שאַפּ פון „קער עדעלמאַן בראַזיר" פון יוניאָן סיטי, האָט געקראָגען אין דעם אַגרימענט די זעלביגע קאָנצעסיע פאַר די אַרבייטער. אַזוי ווי אָבער דער אַגרימענט מיט דער פירמע איז ערשט איצט געשלאָסען געוואָרען, וועלען זיי ערשט קריגען זייער וואַקיישאָן נעקסטען יאָר.

## דאָנעלי אינדזשאַנקשאָן בטל געמאַכט — קאַמף ווערט באַנייט

דעם מאָנאַט האָט די אינטערנעשאָנעל געוואונען איר קאַמף אין די געריכטען געגען דער „נעל דאָנעלי גאַרמענט קאָמפּאַני", וועלכער איז דערגאַנגען ביז צום סופרים קאָורט פון די פאַראייניגטע שטאַטען און צוריק דורך די נידעריגערע קאָורטס. דער צייטווייליגער אינדזשאַנקשאָן וואָס דער געוועזענער סענאַטאָר ריעד האָט אַרויסגעקראָגען פאַר זיין וייב, פאַרבאָטענדיג דער יוניאָן צו פּיקעטען איר שאַפּ, איז בטול געוואָרען. פּרעזידענט דובינסקי האָט גלייך אָנאָנסירט, אַז די יוניאָן וועט באַלד זיך צוריקנעמען מיט אַלע כחות אָרגאַניזירען די קאַרגע 900 אַרבייטער וואָס ווערען באַשעפטיגט אין דער דאָנעלי פירמע און וועט באַנייען דעם קאַמפּיין וואָס די אינטערנעשאָנעל איז געצוואונגען געווען אָפּצושטעלען מיט אַ יאָהר צוריק ווען די פירמע האָט אַרויסגעקראָגען דעם אינדזשאַנקשאָן פון דזשאַדזש מעריל י. אָטיס.

דער קאַמף פון דער אינטערנעשאָנעל געגען דער „נעל דאָנעלי" פירמע, איינע פון די גרעסטע קאָטאָן דרעס מאַנופעקטשורערס אין לאַנד, ציט זיך שוין באַלד פינף יאָר. נאָך אין דער צייט פון דער נ. ר. א. איז סענאַטאָר ריעד ערשינען אין וואַשינגטאָן פאַר דער קאָוד קאָמיטע און געפאָדערט אַז די פירמע זאָל קריגען ספּעציעלע פּריווילעגיעס אונטער'ן קאָוד פון דער קאָטאָן דרעס אינדוסטריע.

די יוניאָן האָט אונטערגענומען אַ שטאַרקען אָרגאַניזאַציאָנס קאַמפּיין צווישען די דאָנעלי אַרבייטער אין 1933. די קאָמפּאַני האָט זיך געוועהרט מיט אַלע מיטלען. זי האָט אָרגאַניזירט אַ קאָמפּאַני יוניאָן, האָט אַרויסגעוואָרפען פון שאַפּ 15 אַקטיווע יוניאָן לייט. דער קאַמפּיין איז פונדעסטוועגען אָנגעגאַנגען ערפאָלגרייך און ביי דער לעצטער קאָנווענשאָן פון דער אינטערנעשאָנעל אין אַטלאַנטיק סיטי האָבען די אַרבייטער פון דער דאָנעלי פירמע געהאַט אַ פאַרטרעטער.

ניט קענענדיג אָפּשטעלען די אַרבייטער פון אָנשליסען זיך אָן דער יוניאָן, האָט די פירמע זיך געווענדט אין געריכט און אַרויסגעקראָגען אַ צייטווייליגען אינדזשאַנקשאָן געגען דער יוניאָן. די אינטערנעשאָנעל האָט אַפּעלירט צו אַ פעדעראַלען געריכט און מיט אַן ענטשיידונג פון צוויי געגען איינעם, האָבען די דריי ריכטער בעשטעטיגט דעם אינדזשאַנקשאָן. די יוניאָן האָט דאַן אַפּעלירט צום סופרים קאָורט פון די פאַראייניגטע שטאַטען, וועלכער האָט די קעיס צוריקגעשיקט צום דיסטריקט פעדעראַל קאָורט פאַר אַ נייעם פערהער.

ביים טרייעל האָט זיך הויפּטזעכליך געהאַנדעלט אום דער פראַגע אויב ס'איז פאַראַן אַן אַרבייטער סכסוך מיט דער פירמע. די לאָיערס פון דער פירמע האָבען געטענהט, אַז וויבאַלד די מערהייט אַרבייטער פון דער פירמע זיינען ניט אין קאַמף, איז ניטאָ קיין געזעצליכער סכסוך און די אינטערנעשאָנעל האָט דעריבער ניט קיין רעכט צו פּיקעטען. די פאַרטרעטער פון דער קאָמפּאַני יוניאָן האָבען גע'טענה'ט, אַז זיי האָבען מער ווי אַ העלפט פון אַלע אַרבייטער אַלס מיטגלידער פון זייער יוניאָן און זיי דאַרפען דעריבער אָנערקענט ווערען אַלס די געזעצליכע פאַרטרעטער פון די אַרבייטער אונטער דעם וואַגנער אַקט. די אינטערנעשאָנעל ווידער האָט באַוויזען, אַז די פירמע האָט איינגעפירט אַזאַ ספּיד־אַפּ סיסטעם אין שאַפּ אַז דאָס פאַרוואַנדעלט איר איינפאַך אין אַ סוועט שאַפּ און זי שטערט די אַרבייטער צו אָרגאַניזירען זיך אין אַ יוניאָן וואָס זיי אַליין ווילען. איבער דעם איז פאַראַן אַ געזעצליכער אַרבייטער סכסוך און לויט דעם נאָריס־לאַגוואַרדיאַ געזעץ קען דער געריכט נישט אַרויסגעבען קיין אינדזשאַנקשאָן אין אַזאַ פאַל.

דזשאַדזש קאָלעט, וועלכער איז געווען דער ריכטער אין דער קעיס, האָט אָנערקענט אַז די יוניאָן איז גערעכט און עס איז יאָ דאָ אַן אַרבייטער סכסוך. דער אינדזשאַנקשאָן איז דעריבער אָפּגעשאַפט און די יוניאָן האָט ווידער אַ רעכט צו פּיקעטען דעם פּלאַץ.

פּרעזידענט דובינסקי, ווען ער האָט געקראָגען די נייעס וועגען דער ענטשיידונג פון געריכט, האָט אַרויסגעגעבען דעם פאָלגענדען סטייטמענט וועלכער איז פאַרעפענטליכט געוואָרען אין דער פּרעסע איבער'ן גאַנצען לאַנד:

„געוויס, — האָט ער געזאָגט, — זיינען מיר איבערצופרידען מיט דזשאַדזש קאָלעט'ס ענטשיידונג. דאָס עטאַבלירט, האָפען מיר, איינמאָל פאַר אַלעמאָל אונזער רעכט אַלס אַ יוניאָן צו אָרגאַניזירען די ניט־אָרגאַניזירטע אַרבייטער און איינשטעלען גלייכע און פעסט־באַשטימטע אַרבייטס־באַדינגונגען אין דער פרויען קליידער אינדוסטריע אין יעדען מאַרקעט אין לאַנד. עס שטעלט אויך פעסט דעם פאַקט אַז מיר האָבען אַן אַרבייטער סכסוך מיט דער דאָנעלי גאַרמענט מאַנופעקטשורינג קאָמפּאַני, וועלכע האָט, ווי מיר האָבען אונצעליגע מאָל דערקלערט, איינגעשטעלט איר פּראָדוקציע אונטער ערגערע אַרבייטס־באַדינגונגען ווי די וואָס הערשען אין אַנדערע מאַרקעטס און פירט דעריבער אַן אַן אומ־יושר'דיגע קאָנקורענץ מיט אַנדערע בעלי בתים. עס רעכטפערטיגט אונזער באַהויפּטונג, אַז מיר זיינען באַרעכטיגט אין דעם פאַל צום שוץ פון דעם נאָריס לאַגוואַרדיאַ געזעץ געגען אינדזשאַנקשאָנס.

„פאַרטיידיגענדיג אונזער קעיס געגען די אַטאַקעס פון דער דאָנעלי קאָ., האָבען מיר קיינמאָל ניט געקעמפט געגען עקס־סענאַטאָר ריעד, וועלכער האָט אָנגעפירט די פאַרפאָלגונגען געגען אונזער יוניאָן אין קענזעס סיטי, צוליב פּאָליטישע מאָטיוון, ווי מר. ריעד האָט פּרובירט שאַפען דעם איינדרוק. מיר האָבען אָנגעפירט דעם קאַמף אַלס אַ טייל פון אונזער אַלגעמיינעם קאַמפּיין איינצושטעלען איינהייטליכקייט אין די אַרבייטס־קאָסטען און אַרבייטס־באַדינגונגען אין דער דרעס אינדוסטריע און ניט דערלאָזען קיין נידעריגע אַרבייטס־סטענדאַרדס.

„איצט, אַז די געזעצליכקייט פון אונזער שטעלונג איז אָנערקענט, האָבען מיר בדעה אָנצואווענדען אַלע כחות צום אָרגאַניזירען די אַרבייטער פון דער דאָנעלי גאַרמענט מאַנופעקטשורינג קאָמפּאַני, אַלס טייל פון אונזער אַלגעמיינער טעטיגקייט איינצושטעלען גלייכקייט אין דער מעגליכקייט צו פּראָדוצירען פאַר אַלע אַרבייטסגעבער אין אונזער אינדוסטריע און דורכדעם אויפהויבען די אַרבייטס באַדינגונגען אין די אַלע פאַבריקען וואו ניט יוניאָן באַדינגונגען עקזיסטירען נאָך. די ענטשיידונג פון געריכט, גיט דער דאָנעלי קאָמפּאַני ווידער דעם אויסוואַל, אָנצוהאַלטען דעם קאַמף געגען אונזער יוניאָן אָדער איינשטעלען נאָרמאַלע קאָנטראַקטליכע באַציהונגען מיט אונזער יוניאָן, ווי דאָס הערשט פאַקטיש אין יעדען מאַרקעט איבער'ן גאַנצען לאַנד".

טראקט צווישען אונזער דזשאינט באארד און די אסאסיאיישאנס און אפשאפען דעם זיי פארהאסטען פונקט פון באגרעניצען די קאנטראקטארס און רעדזשיסטרירען זיי. די ענטשיידונג פון געריכט מאכט א סוף פון זייערע חלומות.

„גרויס קרעדיט דארף געגעבען ווערען פאר דעם זיג פון די ארבייטער צו אונזער לאיער עמיל שלעזינגער, וועלכער האט פארטראטען די יוניאן אין געריכט. דורך זיין בריליאנטענער פארטיידיגונג פון דעם יוניאן־שטאנדפונקט האט ער געבראכט דערצו אז עס זאל געשאפען ווערען א פרעצעדענט וואס וועט באשציען ארבייטער אין די אלע אינדוסטריען וואו עס זיינען אנטוויקעלט געווארען מעטאדען פון פראדוקציע ווי דזשאבינג און קאנטראקטינג, וועלכע גיבען די אמת'ע בעלי־בתים א געלעגענהייט זיך ארויסצודרייען פון פאראנטווארטליכקייט פאר די ארבייטס־באדינגונגען פון די בעל־מלאכות וואס מאכען זייער ארבייט. דורך „לימיטיישאן או קאנטראקטארס האט אונזער יוניאן געצוואונגען די אמת'ע בעלהבתים צו זיין דירעקט פאראנטווארטליך פאר באדינגונגען. דורך דער ענטשיידונג וואס שלעזינגער האט ארויסגעקראגען פון געריכט, איז דער פונקט אין אגרימענט באפעסטיגט און לעגאליזירט געווארען. דאס מאכט מעגליך פאר יוניאנס אין אנדערע טריידס נאכצוטאן אונזער ביישפיל".

# ארבייט פאר דרעססמאכער ביי דאבליו. פי. אי.

נאך מאנאטען לאנגע באמיהונגען פון פרעזידענט דובינסקי מיט פארטרעטער פון דער רעגירונג אין וואשינגטאן און מיט דער שטאט אדמיניסטראציע אין ניו יארק, איז ענדליך דעם מאנאט באשלאסען געווארען פון די דאבליו פי. אי. פירער צו טאן עטוואס פאר די ארבייטסלאזע פרויען קלאוקס־ארבייטער אין ניו יארק. די הילף וואס עס איז באשלאסען געווארען אונטערצונעמען איז א צווייפאכע.

ערשטענס איז באשלאסען געווארען אוועקצוקויפען פאר צוויי מיליאן דאלער פאראיאריגע פרויען־און־קינדערשע קאוטס, וועלכע זאלען פארטיילט ווערען צווישען די נויטבאדערפטיגע פאמיליעס אויף רעליעף. דאס ערווארטעט מען, וועט אויפטאן צוויי זאכען: עס וועט אוועקנעמען ביי די מאנופעקטשורערס דעם אלטן סטאק און וועט זיי געבען א בעסערע מעגליכקייט אנצוהויבען ארבייטען אין די שעפער, און עס וועט באזארגען די נויטבאדערפטיגע פרויען און קינדער מיט אנשטענדיגע און ווארימע בגדים פאר'ן ווינטער.

צווייטענס איז באשלאסען געווארען אין גיכען איינצושטעלען אן ארבייטס־פראיעקט פון דער דאבליו פי. אי. צו פראדוצירען פרויען און קינדערשע סקוירטס, דרעסעס און מאנטלען, ביי וועלכע ארום דריי טויזענד ארבייטסלאזע דרעס און קלאוקמאכער וועלען קריגען באשעפטיגונג.

די נייעס האט פרעזידענט דובינסקי פארעפענטליכט דינסטאג, דעם 19־טען יולי, נאך א קאנפערענץ וואס ער האט געהאט מיט מעיאר לא־גווארדיא איבער דער אנגעלעגענהייט. ווי דובינסקי האט ערקלערט, וועט די דאבליו פי. אי. אויסגעבען אויף דעם פראיעקט פינף מיליאן דאלער, וועלכעס וועט גיין הויפטזעכליך אויף ארבייטס געלט. די שטאט רעגירונג וועט אויסגעבען 400 טויזענד דאלער אויף ווארע פון וועלכע די קליידער וועלען געמאכט ווערען. אנבאטען פאר אזוינע ווארעס וועלען אנגענומען ווערען סיי פון טעקסטיל מילען און הענדלער און סיי פון קלאוק און דרעס מאנופעקטשורערס און דזשאבערס וואס האבען איבערגעבליבענע שטאף פון לעצטען יאר.

פרעזידענט דובינסקי האט אויך אנגעוויזען, אז כאטש די ווידזשעס אויף דעם פראיעקט וועלען זיין די געווינליכע שכירות וואס די דאבליו פי. אי. צאלט פאר אזא ארבייט, וועלען די ארבייטס־קאסטען דא ניט זיין ביליגער ווי אין דער פריוואטער אינדוסטריע. און אזוי ווי די אויפגענייטע קליידער גייהען ניט אין מארקעט נאר ווערען פארטיילט צו נויטבאדערפטיגע, וועלכע האבען סיי ווי ניט קיין געלט צו קויפען קליידער, וועט עס אין קיין פאל ניט קאנקורירען מיט דער פריוואטער אינדוסטריע אדער אוועקנעמען ארבייט פון די בעל מלאכות וואס ווערען באשעפטיגט אין טרייד.

# קאלעקטיווער אגרימענט מיט באדייטענדע געווינסען אין נאוועלטי דזשולערי טרייד

די נאוועלטי דזשולערי אפטיילונג פון דער באטאן ארבייטער יוניאן לאקאל 132 פון דער אינטערנעשאנעל האט דעם מאנאט אונטערגעשריבען דעם ערשטען קאלעקטיווען אגרימענט מיט דער אסאסיאיישאן פון בעלי בתים אין דעם טרייד און געוואונען גרויסע פארבעסערונגען פאר די אומגעפער אכט הונדערט ארבייטער וואס ווערען באשעפטיגט אין די שעפער.

לויט מארטין פעלדמאן, מענעדזשער פון דעם לאקאל, וועלכער האט, צוזאמען מיט לואיס ראזענבלום, אנגעפירט די פארהאנדלונגען מיט די פארטרעטער פון דער אסאסיאיישאן, ערקלערט, האבען די ארבייטער דורך דעם אגרימענט געקראגען א פארקירצונג פון די ארבייטס־שטונדען, פון 48 צו 44 שטונדען א וואך און א דורכשניטליכע העכערונג פון ארום 4 דאלער א וואך. דער מינימום סקעיל, וועלכער איז ביז איצט געווען פון 10 ביז 14 דאלער א וואך, איז געהעכערט געווארען צו 16 דאלער א וואך. די ארבייטער האבען אויך געוואונען צוויי געזעצליכע יומים טובים פאר וועלכע זיי וועלען קריגען באצאלט ניט ארבייטענדיג און א לייבאר ביורא, וועלכע וועט ארויפשיקען ארבייטער אין די שעפער אונטער'ן קאנטראל פון דער יוניאן, אנשטאט די בעלי־בתים זאלען ארויפנעמען ארבייטער פון גאס, ווי עס האט זיך געפירט אין טרייד ביז איצטער.

אחוץ דעם אגרימענט מיט דער אסאסיאיישאן, האט די יוניאן באנייט דעם אינדעפענדענט אגרימענט מיט דעם גרעסטען מאנופעקטשורער פון נאוועלטי דזשולערי אין ניו יארק, די פירמע פון „טריפארי קרוזמאן און פישעל", וועלכע באלאנגט ניט צו דער אסאסיאיישאן. אין דעם נייעם אגרימענט מיט דער פירמע האבען די ארבייטער געקראגען א 40־שטונדיגע ארבייטסוואך; עקסטרא געצאלט פאר אווערטיים פאר וואך און שטיק ארבייטער (שטיק ארבייטער וועלען קריגען 40 סענט א שטונדע עקסטרא פאר אווערטיים אויסער דעם פרייז פאר דער ארבייט וואס זיי מאכען); א וואך וואקיישאן מיט געצאלט און אנדערע פארבעסערונגען. דער שאפ באשעפטיגט 350 ארבייטער.

פאר'ן פערטען אויגוסט רופט די יוניאן א מיטינג פון די ארבייטער אין אורוויננג פלאזא האל, וואו עס וועט געפייערט ווערען זייער געווינס.

# אין קאטאן גארמענט דעפארטמענט

דער קאטאן גארמענט טרייד דעפארטמענט, אונטער דער פירערשאפט פון וויס־פרעזידענט עלייעס רייזבערג, האט דעם מאנאט ארויסגעקראגען איינעם פון די וויכטיגסטע ענטשיידונגען פון געריכט געגען איינער פון די גרעסטע טשילדרען דרעס פירמעס אין לאנד, וועלכע האט יארען לאנג זיך ארויסגעדרייט פון יוניאן אגרימענטס און יוניאן באדינגונגען. די ענטשיידונג האט ארויסגערופען גרויס פרייד אין אלע קרייזען פון דער אינטערנעשאנעל וואס זיינען באקאנט מיט די מעשים פון דער פירמע.

דער באפעל געגען דער „העריסבורג טשילדרען דרעס קאמפאני", פון העריסבורג, פא., לויטעט, לויט א טעלעגראמע וואס עלייעס רייזבערג האט צוגעשיקט צו פרעזידענט דובינסקי, אז זי מוז גלייך אויפלייזען איר קאמפאני יוניאן; אויפהערען מעלדונגען אין שאפ, אז די אינד. טשילדרען דרעס ווארקערס יוניאן, וואס זי האט ארגאניזירט אין פארגוואלטיגונג פון דעם וואגנער געזעץ, וועט זי מער ניט אנערקענען; אז זי וועט ניט שטערען אירע ארבייטער אין זייער רעכט צו ארגאניזירען זיך אין אן אמת'ער יוניאן און וועט פארהאנדלען קאלעקטיוו מיט זייערע פארטרעטער.

דער אייגענטימער פון דער „העריסבורג טשילדרען דרעס קאמפאני", ל. דזש. גאלדבערגער, איז באוואוסט אין טרייד אלס איינער פון די פארביסענסטע יוניאן פרעסערישע באסעס אין דעם טשילדרען דרעס טרייד. ער האט אמאל געהאט זיין הויפט שאפ אין ניו יארק. ער איז געווען אפילו דער פרעזידענט פון דער אסאסיאיישאן פון די בעלי בתים אין טרייד און האט זיך שטארק געמישט ווען עס האט געדארפט איינגעשטעלט ווערען דער קאוד אין טשילדרען דרעס טרייד אין דער צייט פון דער נ. ר. א. פאר זיך אליין האט ער אבער געוואלט זיין א פרייע פויגעל און ער האט זיין שאפ ארויסגעפירט נאך העריסבורג.

אלע פארזוכען פון דער יוניאן צו ארגאניזירען די עטליכע הונדערט ארבייטער וואס ער האט באשעפטיגט, האט ער באקעמפט מיט אלע מיטלען. ווען דער וואגנער געזעץ איז אריין אין קראפט, האט די פירמע ארגאניזירט א קאמפאני יוניאן און האט ארויסגעקראגען א טשארטער פאר דער „יוניאן" פון דזשאדזש פרענק ב. וויקערשעם פון קאמאן פליעס קאורט. די אינטערנעשאנעל, דורך וויס־פרעזידענט עלייעס רייזבערג, מענעדזשער פון קאטאן גארמענט טרייד דעפארטמענט, האט דער פירמע פארקלאגט פאר דער נעשאנעל לייבאר רילעישאנס באארד. די איצטיגע ענטשיידונג מאכט בטול דעם טשארטער וואס די פירמע האט ארויסגעקראגען פאר איר קאמפאני יוניאן.

אזוי שנעל ווי די ארבייטער האבען זיך דערוואוסט וועגען דער ענטשיידונג פון דער לייבאר רילעישאנס באארד, האבען זיי זיך גענומען פאדערען צוריק זייער דיוס און איינטריטס געלט וואס זיי האבען געמוזט צאלען אין דער קאמפאני יוניאן. די מיטגלידער פון דער קאמפאני יוניאן האבען געמאכט א גאנצען טומעל אין שאפ. די ארבייטער אין שאפ, וועלכע זיינען מיטגלידער אין דער אינטערנעשאנעל, האבען די נייעס אויפגענומען מיט אומבאשרייבליכער פרייד און געפראוועט גאנצע שמחות.

דער קאטאן גארמענט טרייד דעפארטמענט נעמט זיך איצט באנייען דעם קאמפיין צו ארגאניזירען די ארבייטער פון דער פירמע מיט באנייטער ענערגיע.

# א. פ. ל. אנטזאגט טשארטער צו אפאזיציע יוניאן געגען דער אינטערנעשאנאל

די אמעריקען פעדערישאן או לייבאר האט דעם מאנאט צוריקגעוויזען דעם פארלאנג פון דריי פרויען קליידער שעפער אין פענסילווייניא, וועלכע האבען זיך געווענדעט צו איר נאך א טשארטער אלס פעדעראל לאקאלס. פרעזידענט גרין האט געווארענט דעם פארטרעטער פון דער פעדערישאן אין יענעם געגענד ניט צו מאכען קיין פארזוך אפצורייסען ארבייטער וועלכע זיינען אונטער דער יוריסדיקציע פון דער אינטערנעשאנעל לייידיס גארמענט ווארקערס יוניאן.

ווי עלייעס רייזבערג, מענעדזשער פון קאטאן גארמענט טרייד דעפארטמענט פון דער אינטערנעשאנעל, גיט איבער, איז די געשיכטע פארגעקומען אויף פאלגענדען אופן:

א געוועזענע ארגאניזערין פון דער אינטערנעשאנעל, רידא בארעט, וועלכע איז אנטזאגט געווארען, האט געדענקט אז זי קען נעמען נקמה פון דער יוניאן דורך באנוצען זיך מיט'ן ברודער־קאמף וואס עס גייט איצט אן אין דער טרייד־יוניאן באוועגונג צווישען דער אמעריקען פעדערישאן או לייבאר און דער סי. אי. א., און האט זיך פרובירט אפרייסען דריי שעפער פון דער אינטערנעשאנעל. זי האט איינגערעדט די ארבייטער פון דער „פענן ספארטוועאר" פון אלענטאון; די „פענגא דרעס" פון נארטעמפטאון און די „ספעקטאר דרעס" פון בעטלעהעם, פענסילווייניא, אז זיי זאלען זיך אפרייסען פון דער אינטערנעשאנעל, וועלכע איז, ווי זי האט זיי געזאגט, א יוניאן פון פאראינערס, און זיך אנשליסען אן דער אמעריקען פעדערישאן או לייבאר. די ארבייטער האבען זיך געלאזט איבעררעדען און געלאזט וויסען דעם קאטאן טרייד דעפארטמענט, אונטער וועמענס אויפזיכט די דריי שעפער געפינען זיך, אז זיי פארלאזען די אינטערנעשאנעל. זיי האבען זיך אויך געווענדעט צום פארטרעטער פון דער פעדערישאן אין פענסילווייניא מיט דעם פארלאנג ער זאל זיי ארויסגעבען טשארטערס אלס פעדעראל לאקאלס.

ווען דער פארטרעטער האט דעם פארלאנג זייערען איבערגעשיקט צו פרעזידענט גרין אין וואשינגטאן, האט ער גלייך אנטזאגט זייער פארלאנג פאר טשארטערס און געווארענט דעם פארטרעטער פון דער פעדערישאן אין פענסילווייניא, ניט צו פרובירען אפרייסען ארבייטער, וועלכע זיינען אונטער דער יוריסדיקציע פון דער אינטערנעשאנעל. די ארבייטער פון די שעפער אין אלענטאון און נארטהאמפטאן האבען זיך גלייך געווענדעט מיט א בהיוו צו דער אינטערנעשאנעל, אין וועלכען זיי ערקלערען אז זיי זיינען פארפירט געווארען און בעטען מען זאל זיי פארגעבען זייער האנדלונג און לאזען זיי ווייטער פארבלייבען מיטגלידער פון דער אינטערנעשאנעל. זייער

# אויפ'ן דרעסמאכער פראנט

פון
נ. מ. מינקאף

### ערב סיזאן

די דרעס אינדוסטריע שטעהט ערב א נייעם סיזאן, און, ווי אלע מאל, שוויבעלט און גריבעלט אין די „שאו רומס”, אין די „בייערס אפיסעס” און אין די „רעסטאראנען”, וואו מאנופעקטשורערס און „בייערס” טרעפען זיך, און וואו ניט? בלעטערט מען דורך די טרייד־צייטונגען, געפינט מען דארט לענגערע אפהאנדלונגען וועגען די גוטע אויסזיכטען פאר'ן טרייד; מען אגיטירט פאר א גרעסערען אויסוואהל פון מאטעריאלען און פון סטיילס; מען מוסר'ט די סטייל פירמעס, הלמאי זיי ווייזען ניט ארויס מעהר פארנונפט אין אנטוויקלען דעם געשמאק פון די פרויען פאר מעהר „פראגרעסיווע” סטיילס. מען רופט, מען מינטערט יעדען פאקטאר אין טרייד צו טאן זיין פליכט אריינצוגעבען א „נידעל”, ניין, עטליכע „נידעלס” אין ארעם, געבען א שטופ פארווערטס דעם דרעס טרייד צו פארנעמען איהר ריכטיגע פאזיציע אין דער פרויען־קליידער אינדוסטריע.

און זאל דא גלייך געזאגט ווערען, אז מיר זיינען מסכים מיט יעדען מיטעל, מיט יעדען שריט וועלכער ווערט געמאכט אויף דעם געביט. די ארבייטער ווארטען שוין פון א פאר יאהר פאר א גוטען סיזאן, זיי ווארטען שוין אזוי לאנג אז פילע פון זיי האבען שוין באלד פארלארען זייער האפנונג פאר דעם. אויב עס איז אמת, אז די ארבייטס־געבער ליידען פון דער שלעכטער צייט — און עס איז אהן צווייפעל אז פילע פון זיי ליידען — איז עס אבער א סך מער אמת — כפל כפלים — אין באצוג צו די ארבייטער. ביז אהער האבען מיר ניט געהאט די נויטיגע ציפערען צו באשטעטיגען עס. דורך דעם סטייט אינשורענס פאנד (די טשעקלאך וועלכע מען וואלט באדארפט קריגען און אויף וועלכע עס קומט אויס צו ווארטען אזוי לאנג) באקומען מיר אצינד די נויטיגע אינפארמאציע, און ווי ביטער עס איז ווען מען קוקט אן די ציפערען! וויפיל טויזענטער פון אונזערע מענשען באדארפען אויסקומען מיט ווייניגער ווי 12 הונדערט דאלאר א יאהר, וואס דאס מיינט בערך 200 דאלאר ווייניגער ווי די סאמע מינימאלע סומע לויט וועלכער א פאמיליע באשטעהענד פון 4 נפשות קען קוים אויסקומען מיט'ן לעבען, און דאס זיינען די אפיציעלע רעגירונגס ציפערען.

ווילען מיר האפען, אז די נביאות פון אונזערע טרייד עקספערטען וועלען מקוים ווערען, אז דער אנקומענדער סיזאן וועט זיין אלרייט און די דרעסמאכער וועלן קענען אפצאלען כאטש א טייל פון זייערע חובות.

### עס פאדערט זיך אן אויסבעסערונג

און אז מיר ריידען שוין וועגען די „טשעקלאך” פון סטייט אינשורענס פאנד וועט געוויס ניט זיין איבעריג אויסצודריקען אונזער אומצופרידענהייט מיט דעם איצטיגען געזעץ און מיט דער פארוואלטונג פון פאנד. און דאס זאגען מיר ניט קוקענדיג אויף דעם וואס מיר זיינען איינער פון די 150 געזעצגעבער פון דער ניו יארקער סטייט אסעמבלי.

לויט דעם איצטיגען געזעץ מוז אן ארבייטער פארלירען פולע דריי וואכען איידער ער איז בארעכטיגט צו קריגען בענעפיט. וואלט עס שוין ניט אויסגעמאכט. עס וואלט געווען צופיל צו ערווארטען, אז אויף מארגען נאכדעם ווי אן ארבייטער הערט אויף צו ארבייטען זאל ער גלייך קריגען בענעפיט. אויך אז מען זאל צאהלען פאר יעדען טאג פארלוסט. ווען דער געזעץ זאגט אבער אז די דריי וואכען מוזען זיין „קאנטיניואס”, אהן אן איבעררייס, וועלכעס מיינט, אז אויב דער באטרעפענדער קריגט 1 טאג ארבייט נאכדעם ווי ער איז געווען 2 וואכען ארבייטסלאז פארלירט ער זיין „וועיטינג פיריאד” און מוז אנפאנגען „ווארטען” אויף דאס ניי, טויג עס ניט. מיר וועלען מוזען אויפהויבען א קאמף אין דער קומענדער סעסיע פון דער לעדזשיסלייטשור צו אמענדירען דעם געזעץ, אזוי אז מען זאל צאהלען טאג און ניט גאנצע וואכען. דאס מיינט ווען איינער פארלירט 15 טאג ארבייט, אפילו ווען די 15 טאג האבען זיך אנגעקליבען אין 5 וואכען, זאל ער זיין בארעכטיגט צו בענעפיט.

צווייטענס וועלען מיר מוזען פאדערען, אז די סיסטעם לויט וועלכער די צאהלונגען ווערען געמאכט זאל אויסגעבעסערט ווערען. דאס שלעפען זיך אין די אפיסעס פון דעם דעפארטמענט, דאס שטעהן אין לאין שטונדען לאנג פארביטערט דאס לעבען פון אונזערע מענשען. דאס מוז אונטער אלע אומשטענדען אויסגעבעסערט ווערען. דאס איז א פראגע פון טעכניק, און טעכניקער האבען מיר גענוג. אויב די רעגירונג האט ניט, וועט אונזער אינטערנעשאנאל איהר קענען ארויסהעלפען. עס פעלען ניט קיין ספעציאליסטען אויף דעם געביט.

### אי, דארף מען אויף זיי אכטונג געבען!

אין אונזער לעצטען מאנאטליכען איבערבליק, האבען מיר דערמאנט דעם פאל מיט דער „עלדזשין דרעס קאמפאני” פון 237 וועסט 35טע סטריט, וועלכע האט כלומרשט „אויפגעגעבען” איהרע ביזנעס און פטור געווארען פון איהרע עטליכע הונדערט ארבייטער מיט דער יוניאן און מיט'ן אגרימענט צוזאמען.

ווי די לעזער פון „גערעכטיגקייט” געדענקען, האט די יוניאן באקעמפט די פירמע אויפ'ן גרונט, אז די גאנצע מעשה מיט'ן אויפגעבען און פארקויפען דעם נאמען פון דער פירמע צו א סיילסמאן וועלכער האט ניט פארמאגט קיין דריי גראשען, איז געווען ניט מעהר ווי א מאנעווורע ארויסצודרעהען זיך פון איהרע פאראנטווארטליכקייטען אונטער אונזער קאלעקטיווען אגרימענט. דערביי האבען מיר אויך אנגעוויזען אויף דעם בריליאנטענעם אופן ווי דער סכסוך איז באקעמפט געווארען מצד דעם פארשטעהער פון אונזער דרעס דזשאינט באארד.

אצינד פרעהט אונז צו באריכטען, אז דער אומפארטייאישער טשערמאן האט ארויסגעגעבען א גינסטיגע ענטשיידונג. די יוניאן האט פארצייכענט א פאלשטענדיגען זיג. דער סיילסמאן איז צוריק סיילסמאן, דער אמת'ער בעל הבית איז צוריק בעל הבית און די ארבייטער האבען צוריק זייערע דזשאבס. דער מוסר השכל פון דעם איז, אז סוף גנב לתליה — אבער ניט אלע מאל.

### „דאבעליו פי איי”

אין די טעגליכע צייטונגען איז לעצטענס ערשינען אן אנאנס אז אונזער אינטערנעשאנאל האט ענדליך אויסגעווירקט פון דער פעדעראלער רעגירונג א „פראדזשעקט” וועלכער וועט געבען באשעפטיגונג צו א פאר טויזענט ארבייטסלאזע און נויט־באדערפטיגע ארבייטער.

עס איז כדאי אז אונזערע מיטגלידער זאלען האבען אין זינען, אז דאס איז (א) א צייטווייליגע אונטערנעמונג. די רעגירונג געהט ניט אריין אין דעם קליידער־געשעפט צו קאנקורירען מיט די פריוואטע אונטערנעמער. ב) דאס איז איינער פון די פילע מעטאדען מצד דער רעגירונג צו העלפען נויט־באדערפטיגע ארבייטסלאזע וועלכע נויטיגען זיך אין באלדיגע הילף. אויב ניט קיין ארבייט מוזען זיי קריגען דירעקטע געלט־שטיצע. ג) דאס איז א טייל פון דער „דאבעליו פי איי” סיסטעם און די וועלכע ווילען געניסען פון דעם פראיעקט מוזען זיין גרייט אונטערצואווארפען זיך צו די רעגולאציעס לויט וועלכע די סיסטעם אפערירט. ד) ניט די סקיילס פון פארדינסטען און ניט דער עצם פיהרונג פון דעם פראיעקט איז אונטער יוניאן־קאנטראל. דאס איז אלץ בלשון אשכנז „קוויאנגשטשינע” אונזערע גאליציאנער לייענער וויסען וואס דאס מיינט.

עס איז צו האפען, אז דער „פראדזשעקט” וועט געבען באשעפטיגונג און א ביסעל פרנסה פאר א באדייטענדען טייל פון אונזערע ארבייטסלאזע מיטגלידער, איבערהויפט יענע וועמעס שעפער עס האבען זיך פארמאכט. טאקע יענע וועלען קריגען דעם פארצוג. פראפיטירען פון דעם וועלען אויך די וועלכע האבען דזשאבס, דערמיט וואס מען וועט ארונטערנעמען פון די גאסען די לעדיג־געהער וועלכע די בעלי בתים האבען אלע מאל גענוצט אלס א בייטש געגען זייערע ארבייטער.

די יוניאן וועט, נאטירליך, ניט זיצען „מיט פארלעגטע הענט”. מען וועט אכטונג געבען, אז אונזערע מענשען זאלען ריכטיג באהאנדעלט ווערען און זאלען גלייכצייטיג פאדערען אויף לעבענס־מיטעל.

### א מוסטער שאפ

אין ניו יארקער דרעס טרייד זיינען דא קרוב צו 2500 שעפער. צווישען זיי זיינען דא גרויסע און קליינע, גוטע און שלעכטע. פאראנען שעפער וועלכע זיינען באקאנט צו יעדען יוניאן־באאמטען און אנגעשטעלטען. איניגע פאר זייערע מעשים טובים און אנדערע פונקט פארקערט — פאר די רייסערייען און צאנקערייען וועלכע קומען דארט פאר און וואו מען האלט אין איין סודיען זיך.

היינטיגס מאל ווילען מיר דערמאנען א שאפ, וועלכער איז פראמינענט אין דרעס־טרייד ניט דוקא דערפאר וואס ער איז דער גרעסטער, נאר דערפאר וואס ער איז, אן דעם מינדעסטען צווייפעל, איינער פון די שעהנסטע און איבערגעבענסטע שעפער, וואס אונזער יוניאן פארמאגט. און זאלען אונזערע לייענער ניט דענקען, אז מיר שטעלען דא דעם טראפ אויף דיוס צאהלען. ניין. דיוס צאהלען היינטיגע צייטען אלע; און עס פאסירט ניט זעלטען אז דוקא יענער שאפ מיט וועלכען די יוניאן האט די גרעסטע צרות צאהלט דיוס בעסער ווי אן אנדערער.

מיר באטראכטען מאקס וויזענס שאפ פאר א מוסטער, דערפאר וואס אין פארלויף פון די לעצטע פינף יאהר האט ער זיך אויסגעצייכענט אויף יעדען געביט. ניטא קיין איין רוף וועלכער איז געמאכט געווארען פון אונזער יוניאן, אויף וועלכען די ארבייטער פון דעם שאפ האבען זיך ניט אפגערופען מיט א פולער מאס געטריישאפט און איבערגעבענהייט. ניטא קיין איין פאל וואו דער שאפ זאל האבען פארנאכלעסיגט די אינטערעסען פון א שאפ־מיטארבייטער וועלכער האט זיך געפונען אין א שלעכטער לאגע. ניטא קיין איין פאל וואו דער שאפ זאל ניט רעאגירען אויף א פאסירונג אין דער יוניאן אדער אין דער ארבייטער באוועגונג. דער ביטערער קאמף וועלכער ווערט אנגעפירט מצד די דעמאקראטישע עלעמענטען אין שפאניען געגען די פינסטערע כחות פון פאשיזם האט געפונען א ווארימען און חבר'שען אפרוף צווישען מאקס וויזענס בעל מלאכות. וואו א סטרייק, וואו א דעמאנסטראציע, קען מען אלע מאל דערווארטען מאקס וויזענס שאפ צווישען די ערשטע.

אנטקעגען וואס דערמאנען מיר עס היינטיגס מאל? ערשטענס, פארדינט אזא שאפ מען זאל איהם דערמאנען אין דעם אפיציעלען זשורנאל פון דער יוניאן; צווייטענס, זיינען דארט מיט עטליכע טעג צוריק פארגעקומען צוויי קליינינקע פאסירונגען וועלכע כאראקטעריזירען דעם שאפ מיט אלע פישטשעווקעס. די ערשטע האט צו טאן מיט דער באציהונג פון די ארבייטער צו די איבעריגע ארבייטער פון טרייד און ספציעל צו די ארבייטסלאזע מיטגלידער.

דער לעבען פון דעם דורכשניטליכען דרעסמאכער איז א שווערער, פשוט דערפאר וואס ער קען ניט מאכען קיין לעבען. די סיזאנס ווערען אלץ קירצער. פירמעס גיבען אויף זייערע געשעפטען. איניגע טוען עס מחמת זיי קענען ניט מאכען קיין פראפיט, אנדערע וויל מ'וויל מאכען מער דורך אנהאלטען „סוועט שעפער”. אונטער די אומשטענדען, ווען אן ארבייטער פאלט ארויס פון א שאפ איז פונקט אזוי ווי ער וואלט ארויסגעפאלען פון א פענסטער. צו קריגען פלעצער פאר די ארויסגעפאלענע איז אונזער שווערסטע און גרעסטע פראבלעם. אפילו א צייטווייליגער פלאן איז פאר די מענשען א גרויסע הילף.

נו, דערצעהלט אונז ברודער אלטמאן אזא מעשה'לע: „איך בין איינער פון עטליכע און פופציג ארבייטער וועלכע האבען לעצטענס געקראגען א טעמפארארי (צייטווייליגען) דזשאב אין מאקס וויזענס שאפ. און דאס — באטאנט ער — אין א צייט, ווען דער שאפ ארבייט זעהר ווייניג. מען טיילט זיך אבער מיט דאס ביסעל וואס ס'איז דא. פרעגען מיר: וואס מיינט טעמפארארי? זאגט אונז ברודער אלטמאן: „אז א צאהל ארבייטער זיינען זיך צופאהרען אפצורוהען זיך א ביסעל און נאך עטליכע פיהלען זיך ניט גוט, האט מען באזעצט די מאשינען מיט צייטווייליגע ארבייטער. אבער ניט דאס בין איך אויסען צו דערצעהלען, — זאגט ווייטער אלטמאן, — די ארט און וועזע ווי אזוי מען האט אונז, צייטווייליגע ארבייטער, אויפגענומען אין שאפ, — דאס איז דער עיקר. שטעלט אייך פאר, וואס

# א. פ. און ל. נעמט אוועק טשארטער פון קאמפאני יוניאן אין טעקסעס

נאך א ביטערן סטרייק פון פיר מאנאטן, האט די „טעקסעס אינפענטס ווער קא.” פון סאן אנטאניא, טעקסעס, אונטערגעשריבן אן אגרימענט מיט דער אינטערנעשאנעל לײדיס גארמענט װארקערס יוניאן איינפירנדיג א קלאוזד יוניאן שאפ און יוניאן באדינגונגען.

ווי מייער פערלשטיין, דער פארטרעטער פון דער אינטערנעשאנעל אין דער סאוטוועסט, גיט איבער, איז דער סטרייק געגען דער פירמע געווען איינער פון די פארביסענסטע קאמפען וואס די אינטערנעשאנעל האט געהאט אנצופירען אין יענעם געגענד, און כאטש אין דעם באטרעפענדען שאפ ארבייטען בלויז ארום 75 ארבייטער, איז אבער די ווירקונג פון דעם סעטלמענט פון דער גרעסטער וויכטיגקייט פאר אלע מעקסיקאנער ארבייטער וואס ווערען באשעפטיגט אין דער טשילדרען דרעס אינדוסטריע אין יענעם געגענד.

עטליכע יאר צייט האט די אינטערנעשאנעל געהארעוועט צו דערגרייכען די הונדערטע מעקסיקאנער ארבייטער אין טשילדרען דרעס טרייד אין טעקסעס. איבער די האסען-פארורטיילען און שפראך שוועריגקייטען איז עס אנגעקומען זייער שווער צו דערגרייכען די ארבייטער. ענדליך איז דער יוניאן געלונגען צו ארגאניזירען די ארבייטער פון צוויי קלענערע שעפער אין סאן אנטאניא. די „טעקסעס אינפענטס ווער קאמפאני”, צו פארהיטען אז די יוניאן זאל ניט אריינקריגען אירע ארבייטער, האט ארגאניזירט זיי אין א קאמפאני יוניאן. דאס אבער האט אויך ניט געהאלפען. ווען די פירמע האט זיך אנטזאגט צו פארהאנדלען מיט די פארטרעטער פון דער אינטערנעשאנעל וועגען אן אגרימענט איז דער שאפ ארויס אין סטרייק.

די פירמע האט אנגעווענדעט אלע מיטלען דעם סטרייק צו ברעכען. זי האט זיך געווענדעט אין די געריכטען און ארויסגעקראגען אינדזשאנקשאנס געגען דער יוניאן. קיין ארבייט מאכען מיט די אינדזשאנקשאנס האט זי אבער ניט געקענט. איז די פירמע געפאלען אויף א נייעם פלאן. זיך באנוצענדיג מיט דעם אינערליכען קאמף אין דער אמעריקאנער טרייד-יוניאן באוועגונג צווישען דער סי. איי. א. און דער אמעריקען פעדערײשאן אוו לייבאר, האבען זיי זיך געווענדעט צו די פארטרעטער פון דער פעדערײשאן אין סאן אנטאניא און יענע האבען ארויסגעגעבען א פעדעראל לאקאל טשארטער צו די סטרייקברעכער פון דער פירמע.

מייער פערלשטיין האט זיך געווענדעט טעלעגראפיש צו פרעזידענט גרין און פראטעסטירט געגען דער האנדלונג פון די פארטרעטער פון דער פעדערײשאן אין העלפען דעם סטרייק-ברעכערישען באס געגען די סטרייקענדע ארבייטער. פרעזידענט גרין האט גלייך געאָרדערט זיינע פארטרעטער צוריקצוציען דעם טשארטער פון דער קאמפאני יוניאן. די סטרייק-ברעכער האבען זיך אנטזאגט צוריקגעבען דעם טשארטער און האבען זיך געווענדעט אין געריכט נאך אן אינדזשאנקשאן געגען דער אמעריקען פעדערײשאן אוו לייבאר, וועלכער זאל איר פארבאטען אוועקצונעמען דעם טשארטער. עס האט זיך אנגעהויבען א נייער קאמף אין די געריכטען. דער רעזולטאט איז אבער געווען אז די פירמע האט אונטערגעשריבען אן אגרימענט מיט דער אינטערנעשאנעל און אלע בעל מלאכות האבען זיך אנגעשלאסען אן דער יוניאן.

„דער סעטלמענט פון דער פירמע — שרייבט פערלשטיין — האט געהאט א זעלטען גוטע ווירקונג אויף אלע וואס זיינען פארבונדען מיט דער אינדוסטריע אין סאן אנטאניא. די יוניאן פירט איצט אן א שטארקען קאמפיין אין די איבעריגע שעפער.

# פרעז. דובינסקי פאדערט א. ל. פ. זאל ארויפשטעלען גאווערנאר לעהמאן אויפ'ן סטייט טיקעט

אין א בריוו וואס פרעזידענט דובינסקי האט אריינגעשיקט צום עקזעקוטיוו סעקרעטאר פון דער אמעריקאן לעיבאר פארטי, אלעקס ראוז און וועלכען ער האט געלאזט פארעפענטליכען אין די צייטונגען, באדויערט דר בינסקי וואס די קאמיטע פון דער אמעריקאן לעיבאר פארטי, וועלכע האט פארעפענטליכט אין די צייטונגען א צעטעל קאנדידאטען פארן סטעיט טיקעט, האט לעהמאנ'ס נאמען אויסגעלאזט און ער פאדערט אז גאווערנאר לעהמאן זאל ארויפגענומען ווערען אויף דעם סטעיט טיקעט פון דער אמעריקאן לעיבאר פארטי. דער בריף איז ווי פאלגט:

„מיין ליבער ראוז: דער צייטווייליגער סלעיט פון סטעיט קאנדידאטען וואס איז אנאנסירט געווארען פון דער אמעריקאן לעיבאר פארטי העדקווארטערס, ווי עס איז באריכטעט געווארען אין די מארגען צייטונגען, אנטהאלטען ניט דעם נאמען פון גאווערנאר הוירבערט ה. לעהמאן. פון דעם שטאנדפונקט פון אונזער ארגאניזאציע, די אינטערנעשאנאל לײדיס גארמענט װארקערס יוניאן, באטראכט איך דאס פאר זעהר א פארדריסלעכער זאך.

„כאטש אין לויף פון לעצטען יאהר האבען מיר ניט געקענט איינשטימען מיט אלץ וואס גאווערנאר לעהמאן האט געזאגט אדער געטאן, דאך איז קיין פראגע ניט, אז ער איז איינער פון די איבערגעבענסטע און אויפריכטיגסטע פריינד וואס די ארבייטער פארמאגען, און ער האט א וואונדערבארען ארבייטער-רעקארד. איך קען דעריבער ניט באגרייפען ווי אזוי די אמעריקאן לייבאר פארטי האט געקענט איגנארירען זיין רעקארד און זיינע גרויסע לייסטונגען צו דער ארבייטער באוועגונג.

„זאגענדיג דאס, וויל איך אונטערשטרייכען, אז איך מיין דא ניט אויף אירגענד וועלכען אופן צו ווארפען א שלעכטע ליכט אויף דער פאסיגקייט פון די דערמאנטע קאנדידאטען צו פארטרעטען די אמעריקאן לעיבאר פארטי אין די קומענדע סטעיט עלעקשאנס.

„איך נעם אויך אין אנבאטראכט, אז דער צעטעל פון נעמען, וועלכער איז פארעפענטליכט געווארען פאר די פארשידענע עמטער, איז בלויז א צייטווייליגער. און איך פאדער דערפאר אויף, אז ווען דער סלעיט (צעטעל) וועט באשטימט פארעפענטליכט ווערען זאל ער אנטהאלטען דעם נאמען פון גאווערנאר לעהמאן. דערמיט, דענק איך, וועט דער גאנצער צעטעל זעהר פיעל געשטארקט ווערען, און עס וועט אויך העלפען דער פאזיציע פון דער אמעריקאן לעיבאר פארטי אין די קומענדע סטעיט עלעקשאנס.

„אויפריכטיג אייערע,

„דייוויד דובינסקי,

„פרעזידענט אינטערנעשאנאל לײדיס גארמענט װאירקערס יוניאן”.

# אינטערנעשאנעל פירט איין 40-שטונדען וואך אין וואנקואווער.

וויס-פרעזידענט ישראל פיינבערג, פארטרעטער פון דער אינטערנעשאנעל אויפ'ן פאסיפיק, מעלדעט אין א טעלעגראם צו פרעזידענט דובינסקי, אז עס איז אים געלונגען צו באנייען דעם קאלעקטיווען אגרימענט מיט די פרויען קליידער מאנופעקטשורערס אין וואנקואווער, בריטיש קאלומביא מיט פיל וויכטיגע פארבעסערונגען פאר די ארבייטער. אונטער דעם נייעם אגרימענט איז די ארבייטס-וואך פארקירצט געווארען פון 44 אויף 40 שטונדען א וואך. די שכירות פון אלע ארבייטער איז געהעכערט געווארען מיט צען פראצענט און עס זיינען איינגעפירט געווארען אנדערע פארבעסערונגען אין די ארבייטס-באדינגונגען.

לאקאל 276, דער אינטערנעשאנעל לאקאל אין וואנקואווער, איז איינער פון די גאר יונגע לאקאלס אין דער אינטערנעשאנעל. דער לאקאל איז ארגאניזירט געווארען לעצטעס יאהר דורך דעם אינטערנעשאנאל ארגאנייזער פון וויניפעג, י. הערבסט. אין וואנקואווער געפינען זיך אכט פרויען קליידער שעפער. פאר-א-יארען איז דארט צום ערשטען מאל איינגעשטעלט געווארען יוניאן באדינגונגען און קאנטראל. איצט איז דער אגרימענט באנייט געווארען מיט קירצערע שטונדען און העכערע שכירות.

# אנערקענונג רעזאלוציע.

מיר, די ארבייטער פון „דזשוניאר וואג”, 1400 בראדוועי, פארזאמעלט אין בוירקאוויטשעס רעסטאראן ביי פיין-געדעקטע טישען אין דער אנוועזענהייט פון אונזער ביזנעס-אגענט ברודער ראזענטאל, ווי אויך פארטרעטער פון אונזער פירמע, נעמען אן פאלגענדע רעזאלוציע:

אנערקענענדיג די גוטע ארבייט פאר דעם וואוילזיין פון אונזער שאפ, פון אונזער שאפ-טשערמאן ברודער סמאלין, פרעזענטירען מיר איהם מיט א ריסט-וואטש און ווינטשען איהם עס צו געברויכען אין בעסטען געזונט, און האפען, אז ער וועט אויך ווייטער פארזעצען זיין גוטע ארבייט פאר דעם שאפ.

מיר דריקן אויס אונזער הארציגען דאנק צו אונזער ביזנעס אגענט ברודער ראזענטאל, וואס ער איז אלעמאל געווען גרייט צו העלפען מיט ראט און טאט.

ניט פארגעסענדיג אויף איין מאמענט, אז נאר א דאנק אונזער יוניאן, וועלכע האט באוויזען צו סטאבילירען און אנצוהאלטען דעם קאנטראל אין טרייד איז אונז געלונגען אנצוהאלטען די סטאנדארדס אין שאפ, פארפליכטען מיר זיך אלע מאל און צו יעדער צייט צו ארבייטען פאר דעם וואוילזיין פון אונזער ארגאניזאציע.

רעזאלוציאנס-קאמיטע:

דזשייקאב שניידער, מעקס קאפלאן, מ. ראבינסאן.

# דער זילבער יובילי פון לאס-אנדזשעלעס סאנאטאריום

(שלוס פון זייט 12)

אונזער גאנצע סיסטעם און די גאנצע מענשהייט זאל זיין א געזונטע. נאך דעם ווי אנטאניני לעזט אויך באגריסונגס טעלעגראמעס פון איטאליענישען קלאוקמאכער לאקאל 48, וויקעלט ער אויף א פארמעט, א געשריבענעם „דיעד”. ער לעזט פאר דעם דאקומענט, וועלכער גיט איבער דעם :הילקוויט מעמאריאל האספיטאל” אין נאמען פון די אלע לאקאלען וואס האבען דעם האספיטאל געבויט, צום סאנאטאריום, פאר'ן געברויך פון די קראנקע, און מיט דעם וואונש די אלע קראנקע זאלען פון האספיטאל ארויס געזונטע.

מארק קארטער, דער פרעזידענט פון סאנאטאריום, ביים איבערנעמען דעם „דיעד”, צוקושט זיך מיט אנטאניני און ער איז אזוי גערירט, אז עס קומט אים ארויס שווער אנצופאנגען זיין שלוס-רעדע.

„עס איז א גרויסער טאג אין מיין לעבען” זאגט קארטער, „צו זיין פרעזידענט פון אן אינסטיטוציע וואס האט פרעזענטירט מיט אזא מאנומענטאלער בילדינג, וואו מענשען מיט צולעכערטע לונגען וועלען דארטען געהיילט ווערען”. קארטער דאנקט די „אינטערנעשאנעל”, דאנקט אנטאניני'ן און אלע דעלעגאטען און פריינד. ער דאנקט די ארכיטעקטען און סופערוויזארס פון דער בילדינג. ער פארזיכערט אז די גרויסע געבײדע איז געבויט געווארען מיט הונדערט פראצענט יוניאן ארבייטער און זיי האבען אלע געמאכט דעם בעסטען דזשאב וואס מ'קען נאר קריגען.

שאר שליסט דעם פייערליכען מיטינג מיט די ווערטער: „דער הילקוויט מעמאריעל האספיטאל וועט ווי געהעריג באקעמפען די קרענק און אלע קראנקע וועלען פון דער געבײדע ארויס געזונטע און מונטערע צוריק צו דער ארבייט, געזונט צו מאכען די קראנקע פארמוטשעטע ארדנונג, אין וועלכער מיר לעבען איצט”.

מוזיק האט אויפגעשפילט א מארש, מ'איז ארויס פון א היסטארישען מיטינג.

עס איז אלעמענס וואונש און האפנונג, אז דער אויסגעצייכענטער האספיטאל פאר 68 פאציענטען, וועלכער איז געבויט געווארען לויט די מאדערנסטע און פראגרעסיווסטע כללים פון האספיטאל געבײדעס, זאל אויך וואס גיכער אויסגעשטאטעט ווערען מיט אלע נויטיגע האספיטאל פארניטשור און אלע אנדערע האספיטאל עקוויפמענט און דערמיט דערמעגליכען אז דער האספיטאל זאל וואס גיכער אנפאנגען היילען די קראנקע.

# אין דער יוניאָן און אין טרעיד

פון לואיס לאַנגער
סעקרעטאַר ניו יאָרק דזשאָינט באַארד קלאַוקמאַכער יוניאָן



ס האָט אַנגעפאַנגען שוועבען אַ בעסערע שטימונג אין מאַרקעט פאַר אַ גינ־סטיגען ווינטער סעזאָן. מיט וועמען מען רעדט, פילט זיך אַן אָפּטימיזם, אַז דער קומענדער סעזאָן וועט זיין אַ בעסערער ווי דער לעצטער איז געוועזען. דער אָפּטימיזם נעמט זיך פון די באַריכטען וואָס די סיילסלייט פון די ראָודס שיקען אַריין. זאָגט מיר אַ פּראָדאַקשאָן מאַן, וואָס איז פאַרבונדען מיט אַ גרויסער הויז, אַז זייערע סיילסלייט האָבען ביז איצט אַריינגעשיקט אָרדערס פאַר טויזענדער קאָוטס און די אָרדערס זיינען אַריינגעקומען בלויז פון קליינע מוירטשענטס. דאָס ווייזט אַז ווען די גרויסע מוירטשענטס וועלען אָנפאַנגען צו קויפען, וועט זיין גענוג קלאָוקס דעם סעזאָן.

אַזאַ אינפאָרמאַציע פון איינעם וואָלט נאָך ניט באַרעכטיגט די אָפּטימיסטישע ערוואַרטונג פון אַ גוטען סעזאָן, ווייל מיר האָבען שוין געזעהן אַז אין די ערגסטע צייטען געפינען זיך הייזער וואָס האָבען אַ סך אַרבייט, אָבער דאָס מיינט ניט דער גאַנצער טרייד. קומען אָבער אויך באַריכטען פון אַנדערע הייזער אַז אויך זיי ערוואַרטען אַ גוטען סעזאָן, און דער אָפּטימיזם נעמט זיך פון דעם וואָס מאַסען באַיערס האָבען אָנגעפאַנגען גאַנץ פרי צו באַזוכען זייערע שאָו־רומס. זיי גיבען צו אַז די באַיערס קויפען נאָך ניט פיל. זיי קומען בלויז אָנקוקען די סטיילס, אָבער די צאָל באַיערס וואָס באַזוכען די שאָו־רומס גיט זיי אַ באַרעכטיגונג צו גלויבען אַז עס וועט זיין אַ גוטער סעזאָן. די וועלכע גלויבען אַזוי, זאָגען אַז די לעצטע עטליכע יאָר געדענקען זיי ניט אַז די שאָו־רומס זאָלען זיין אַזוי ביזי בעפאָר דעם 4טען דזשולייי ווי עס איז געווען דער פאַל דעם הייניגען יאָר.

***

די ביזי אין די שאָו־רומס רעכענען די מאַנופעקטשורערס צו צו צוויי באַשטימטע אורזאַכען: ערשטענס, דאָס וואָס די רעגירונג קלייבט זיך איצט צו ספּענדען עטליכע ביליאָן דאָלאַר, און צווייטענס, דאָס וואָס דער שטונדען און לוין געזעץ, וואָס דער קאָנגרעס האָט אָנגענומען, געהט אַריין אין קראַפט. זיי זאָגען, אַז דער טומעל געגען דעם געזעץ, און דער שרעק וואָס ער האָט אַרויפגעוואָרפען אויף די אינדוסטריעלע קאַפּיטאַנען, איידער ער איז אָנגענומען געוואָרען, האָט אָפּגעהאַלטען די רעדער פון דער אַלגעמיינער אינדוסטריע, און דאָסווירטשאַפטליכע לעבען פון דעם לאַנד האָט ניט נאָרמאַל פונקציאָנירט. זיי האָבען מורא געהאַט אַז דאָס געזעץ וועט געבען די אַרבייטער צופיל, און ווען אַרבייטער קריגען אַביסעל מער, ווערען זייערע פּראָפיטען קלענער. איצט, ווען די קאַפּיטאַנען פון אינדוסטריע ווייסען שוין וואָס זיי וועלען דאַרפען צאָלען און אַז זייערע פּאַקעטס וועלען נאָך אַלץ בלייבען אָנגעפּילט, האָפט מען אַז דאָס ווירטשאַפטליכע לעבען פון לאַנד וועט ווידער אָנפאַנגען צו פונקציאָנירען נאָרמאַל.

עס איז נאַטירליך, אַז לעצטען מאָנאַט, איידער וואַשינגטאָן האָט אָנגענומען דאָס געזעץ וואָלטען פילע ניט געוואַגט אַזוי אָפּטימיסטיש צו פילאָזאָפירען, ווי זיי טוען דאָס איצט. ווען מען האָט די זעלבע מענשען מיט צוויי מאָנאַטען צוריק געפרעגט וואָס זיי דענקען וועגען דעם קומענדען ווינטער סעזאָן, האָבען זיי געדריקט מיט די אַקסלען. אַלץ האָט פאַר זיי אויסגעקוקט טונקעל. ווען מען רעדט מיט זיי היינט, פילען די מענשען מער אָפּטימיסטיש פאַר דעם קומענדען סעזאָן ווי זיי האָבען געפילט דעמאָלט. צי זייער אָפּטימיזם איז אַ באַרעכטיגטער, דאָס וועט די גאַנץ נאָענטע צוקונפט באַווייזען.

***

וואָס איז מיט די אויגוסט סעילס, וואָס אונזער טרייד האָט אין די לעצטע יאָרען פּראַקטיצירט? וועט דער טרייד אויך היינטיגען יאָר אַרבייטען פאַר די אויגוסט סיילס?

איידער איך ענטפער אויף דער פראַגע, וויל איך באַקענען די מעמבערס וואָס די אויגוסט סעילס זיינען אָווינס, און וואָרום די פראַגע רופט אימער אַרויס אַ חלוקי־דעות ניט נאָר צווישען די מאַנופעקטשורערס אין טרייד, נאָר אויך צווישען סטאָרקיפּערס.

די אויגוסט סעילס פון קלאָוקס קענען ניט פאַרגליכען ווערען צו אַנדערע סעילס. צום ביישפּיל: — נאָך יעדען סעזאָן זעהט איר אַדווערטייזטע סעילס פון געוויסע סחורות וואָס זיינען פאַרקויפט געוואָרען אין דעם סעזאָן פאַר אַ געוויסען פּרייז און דיזעלבע סחורות ווערען פאַרקויפט נאָך דעם סעזאָן פאַר אַ ביליגערען פּרייז. די סעילס ווערען אַראָנזשירט אום אויסצורייניגען די אַלטע סחורה און מאַכען פּלאַץ פאַר נייע. די סטאָרקיפּערס טוען דאָס נאָכדעם ווי זיי האָבען שוין געמאַכט זייער פּראָפיט אויף זייער סחורה אין לויף פון דעם סעזאָן. אפילו אויף די רעדוצירטע פּרייזען מאַכען זיי נאָך אַלץ אַ געוויסען פּראָפיט.

אויגוסט סעילס פון קלאָוקס זיינען ניט די זעלבע ווי אַנדערע סעילס. די סעילס ווערען געמאַכט צו סטימולירען ביזנעס. סאַי דער מאַנופעקטשורער און סאַי דער סטאָרקיפּער מאַכען זייער פּראָפיט, צו וועלכען זיי זיינען באַרעכטיגט. ווי איך האָב שוין באַמערקט, רופען די אויגוסט סעילס אַרויס חלוקי־דעות צווישען די מאַנופעקטשורערס, און הויפּטזעכליך צווישען די וואָס פּראָדוצירען דעם בעסערען גאַרמענט. זיי זיינען פאַר אַזעלכע סעילס ניט באַגייסטערט. זיי באַהויפּטען אַז די אויגוסט סעילס שטערען זיי צו קריגען דעם געהעריגען פּרייז פאַר דעם גאַרמענט דאַן ווען דער סטאָרקיפּער איז געצוואונגען צו קויפען. די מאַנופעקטשורערס וואָס דענקען אַזוי, גלויבען בלויז אין דעם עקאָנאָמישען געזעץ פון נאָכפראַגע און ניט אין דעם געזעץ פון אָנבאָט.

די מאַנופעקטשורערס וואָס זיינען יאָ פאַר אויגוסט סעילס, זאָגען אַז עס איז ניט געפערליך. זיי זאָגען אַז צו די אויגוסט סעילס דערלייגען זיי אויך ניט דער באַבע'ס ירושה און אַז די אויגוסט סעילס האָבען גאָר ניט צו טאָן מיט די פּרייזען פאַר קאָוטס וואָס דער קויפער איז געצוואונגען צו קויפען אין די שפּעטערע מאָנאַטען פון דעם סעזאָן. זיי גלויבען אין דעם אידישען שפּריכוואָרט: „אַז מען האַקט האָלץ, פאַלען שפּענער". זיי זאָגען אין זייער אַרגומענטאַציע פאַר אויגוסט סעילס: רעכנט פאַר דעם לאָפט צאָלט מען סאַי ווי סאַי, די אָרגאַניזאַציע פון סעילסלייט, בוקקיפּערס, פּראָדאַקשאָן־לייט און אַלע אַנדערע שער ירקות מוז מען אויפהאַלטען, איז שוין בעסער ווען מען טוט עפּעס באַלד און ניט וואַרטען ביז וואַנען דער קאַסטימער וועט זיין געצוואונגען צו קויפען. די מאַנופעקטשורערס וועלכע זאָגען אַזוי, זיינען ניט קיין צדיקים. וואָלטען זיי געזעהן אַז אין דער אַרבייט פאַר אויגוסט סעילס איז ניטאָ קיין פּראָפיט, וואָלטען זיי זיכער ניט געוואָלט אַרבייטען. אַז דער קלאַס מאַנופעקטשורערס צווינגט צו אַרבייטען די אויסגעשפּראָכענע געגנער פון אויגוסט סעילס איז זעלבסטפאַרשטענדליך. ווער קען עס וואַרטען פאַר אַ הונדערט פּראָצענט פּרייז ווען דער קאָנקורענט אַרבייט?

די זעלבע חלוקי־דעות, וואָס איז צווישען די מאַנופעקטשורערס וואָס אָנבאַלאַנגט די אויגוסט סעילס, מערקט זיך אויך צווישען די סטאָרקיפּערס. די וועלכע זיינען געגען אַזעלכע סעילס זאָגען אַז די פרוי קויפט קלאָוקס ווען עס איז קאַלט און ניט אין אויגוסט, ווען די היצען זיינען גרויס. אין דעם מאָנאַט אויגוסט, זאָגען זיי, געהט די פרוי בלויז „ווינדאָו־שאָפּינג", אָבער זי קויפט ניט. באַקענענדיג זיך מיט די אויגוסט פּרייזען, וויל זי ניט צאָלען דעם געהעריגען פּרייז ווען זי איז געצוואונגען צו קויפען דעם גאַרמענט, און זי דענקט אַז דער סטאָרקיפּער זוכט איר צו באַרייסען. זיי, די סטאָרקיפּערס, גיבען נאָך אָן אַ ריי אַנדערע אַרגומענטען וואָרום די אויגוסט סעילס זיינען ניט געזונט.

דער סטאָרקיפּער וואָס דענקט אַזוי איז ניט גערעכט. ניט אַלע פרויען געהען אין מאָנאַט אויגוסט „ווינדאָו־שאָפּינג". עס זיינען דאָ אַ גאַנץ גרויסע צאָל פרויען וועלכע ווילען זיך איינשפּאָרען אַביסעל געלד און די הייסע טעג שטערען איר ניט צו קויפען. זי קויפט ווען זי זעט אַז זי האָט אין דעם מלבוש אַ שטיקעל באַרגעין. די פראַגע איז צי דער סטאָרקיפּער גיט איר אַ באַרגעין?

די טענה פון דעם סטאָרקיפּער, אַז ווייל די פרוי באַקענט זיך מיט די פּרייזען אין אויגוסט, וויל זי ניט צאָלען דעם פּרייז פאַר דעם קאָוט דאַמאָלס ווען זי דאַרף אים האָבען, איז ניט קיין גערעכטע, ווייל דער קאָוט וואָס די פרוי זעהט אין סטאָר אין מאָנאַט אויגוסט אָדער אַפילו אין סעפּטעמבער, זעהט זי אים ניט מער אין די מאָנאַטען אָקטאָבער אָדער נאָוועמבער. דאַמאָלסט זיינען שוין די סטיילס געענדערט. די פרוי זעט פאַר זיך אַ נייעם סטייל קאָוט. די פרוי זוכט פאַר איר געלד קוואַליטי און ווען מען גיט איר דאָס, באַצאָלט זי. דאָרום פאַלען אַוועק אַלע אַרגומענטען פון דעם סטאָרקיפּער, אַז די אויגוסט סעילס שטערען זיינע ביזנעס צו קריגען די פּרייזען אין די קעלטערע מאָנאַטען פון סעזאָן.

ווי די זאַך זאָל ניט זיין, זיינען די מאַיאָריטעט סטאָרקיפּערס, אַזוי גוט ווי די מאַיאָריטעט מאַנופעקטשורערס, פאַר די אויגוסט סעילס.

***

דער טעסטימאָניעל דינער וואָס דער דזשאָינט באַארד האָט געגעבען לכבוד ברודער נאַגלער, אלס אָנערקענונג פון זיין צעהן־יאָריגער דינסט אלס דזשענעראַל מענעדזשער, איז געווען אַ גרויסער מאָראַלישער ערפאָלג. די פני פון דער אינטערנעשאָנעל, פון די לאָקאַלס און פון דער אַרבייטער באַוועגונג, די וועלכע האָבען געקענט קומען, זיינען דאָרט געווען פאַרטראָטען. די מעמבערשיפּ איז געווען פאַרטראָטען דורך אַ צאָל שאָפּ־טשערלייט, און זיי זיינען געוועזען די הויפּט געסט פון דעם דזשאָינט באַארד.

אינטערעסאַנטע און געלונגענע רעדעס זיינען געהאַלטען געוואָרען פון אונזערע יוניאָן געסט, ווי אויך פון די פאַרטרעטער פון דער אַרבייטער באַוועגונג. אַלע האָבען געגעבען אַ געהעריגע אָפּשאַצונג וועגען ברודער נאַגלער'ס טעטיגקייט אין דער אַרבייטער באַוועגונג און פון זיינע פאַרדינסטען אלס גענעראַל מענעדזשער פון דזשאָינט באַארד.

דער טאָוסטמאַסטער איז געווען ברודער לואיס ליוויי, דער מענעדזשער פון לאָקאַל 117. אלס ניט־ערפאַרענער טאָוסטמאַסטער האָט ער געמאַכט אַ גוטען דזשאָב. פאַר די לאָקאַל מענעדזשערס האָט גערעדט ברודער דזש. ברעסלאַו, דער מענעדזשער פון לאָקאַל 35. אויף זיין שטייגער האָט ער איבערגעגעבען אין וועלכען יאָר און אונטער וואָסערע אומשטענדען ער האָט זיך באַגעגענט מיט ברודער נאַגלער. זיין פאָלקסטימליכע רעדע האָבען די אָנוועזענדע אויפגענומען מיט גרויס ביפאַל.

סעם ברייטמאַן, שאָפּ טשערמאַן פון דעלמאָנטע־היקי, האָט באַגריסט דעם ערען־גאַסט אין נאָמען פון די טשערלייט.

פּרעזידענט דובינסקי איז אויף דעם באַנקעט וואָרים אויפגענומען געוואָרען. די מעמבערס זיינען געווען צופרידען אים צו זעהן אי אלס זייער פּרעזידענט און אי אלס ערהאָלטען פון זיין קראַנקהייט. זיינע האַרציגע ווערטער וועגען נאַגלער'ן אלס פּערזענליכען פריינט האָבען ענטהאַלטען פיל שטימונג און אלס יוניאָן טוער פיל לויב־געזאַנג. דער פּרעזידענט האָט אויך אין זיין רעדע זיך אָפּגעשטעלט אויף דעם פאַקט אַז אין דעם זעלבען טאָג איז געוואָרען 28 יאָר זינט עס איז אַרויסגערופען געוואָרען דער גרויסער קלאָוקמאַכער גענעראַל סטרייק פון 1910, וואָס האָט געגעבען דעם שוואונג צו אונזער אינטערנעשאָנעל און די אידישע יוניאָנס פון פאַרשידענע טריידס.

ראובן צוקערמאַן, דער פּרעזידענט פון דזשאָינט באַארד, און ס. לעפקאָוויץ, איינער פון אונזערע עלטסטע בעאַמטע, דער ערשטער אין נאָמען פון דזשאָינט באַארד און דער צווייטער אין נאָמען פון דעם סטעף, האָבען באַגריסט דעם ערען־גאַסט און אים איבערגעגעבען פּרעזענטען.

דער בעל דבר אַליין האָט אין זיין רעדע כראָנאָלאָגיש איבערגעגעבען וועגען זיין טעטיגקייט אין דער יוניאָן און וועגען די גרויסע קאַמפען וואָס אונזער יוניאָן האָט געפירט און אין וועלכע ער האָט גענומען אַן אַנטייל. די יאָרען צווישען 1928 און 1938 וואָס ער איז גענעראַל מענעדזשער, האָבען פיל באַרייכערט די געשיכטע פון דער יוניאָן. אַז נאַגלער האָט איבערגענומען דעם אָפיס אונטער אויסערגעוויינליכע אומשטענדען, איז אַ גוט־באַוואוסטער פאַקט פאַר אַלע קלאָוקמאַכער. פאַר די 10 יאָר וואָס ער דינט אין אָפיס אלס גענעראַל מענעדזשער, איז די יוניאָן אַרויס פון איין שטורם און אַריין אין אַ צווייטען שטורם. עס איז אים אָבער געלונגען, דורך זיין פעהיגקייט און איבערגעגעבנהייט, דורכצופירען די יוניאָן דורך אַלע שטורעמס. דאָרום האָט ער כשר פאַרדינט דעם גרויסען כבוד וואָס דער דזשאָינט באַארד האָט אים צוגעטיילט. דעם 7טען דזשולייי האָט ער געשניטען דאָס וואָס ער האָט פאַרזייט.

פאַר אַ זאַנדערבאַרען איינדרוק עס האָט אויף אונז געמאַכט די פאָלגענדע באַגריסונג, וואָס דער שאַפּ־טשערמאַן, ברודער באַרני בראָדער, האָט אויפגעהאַנגען אויף אַנאָנס ברעט (ביולעטין באָארד): „ציטוויליגע אַרבייטער, זייט געגריסט — מיר זיינען גרייט צו טיילען זיך מיט אייך מיט אונזערע פאַרדינסטען". און ווען אַלטמאַן האָט דאָס אונז דערצעהלט האָבען מיר ביי זיך געטראַכט: אַי, ווען מען וואָלט געקענט אַריבערטראָגען אַט דעם גייסט אין די איבעריגע שעפּער, ווי גרינגער עס וואָלט געוואָרען די לאַגע!

„און וואָס איז די צווייטע פּאַסירונג, וואָס האָט אויף אייך געמאַכט אַזאַ איינדרוק?" האָבען מיר געפרעגט. „די צווייטע פּאַסירונג איז פון אַ גאַנץ אַנדער כאַראַקטער, אָבער דאָס אילוסטרירט די מענשליכע און חבר'שע באַציהונג פון דעם שאַפּ צו די אַרבייטער. אין שאַפּ האָט פּאַסירט אַן אומגליק: אַן אַרבייטער איז קראַנק געוואָרען און מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער איז ער געשטאָרבען. דעם מאָמענט וואָס די נייס איז אָנגעקומען אין שאַפּ איז גלייך אָפּגעשטעלט געוואָרען די „פּאַווער און אַלע אַרבייטער זיינען פאַר 5 מינוט געשטאַנען מיט געבויגענע קעפּ אין אָנדענק פון פאַרשטאָרבענעם. אויף מאָרגען זיינען איבער הונדערט אַרבייטער פון שאַפּ געגאַנגען צו דער לויה".

וועגען מאַקס וויזענס שאַפּ קען מען שרייבען און שרייבען. נעמט, צום ביישפּיל, זייער צוטריט צו דער פראַגע פון העלפען זייערע נויט־באַדערפטיגע אַרבייטער. דער שאַפּ האָט אַן אייגענעם קראַנקען־פאָנד, וועלכער צאָהלט 12 און אַ האַלב דאָלאַר אַ וואָך קראַנקען־בענעפיט פאַר 5 וואָכען צייט. אויסער דעם האָבען זיי אַ ספּעציעלען הילפס־פאָנד. דער שאַפּ האַלט אויס אַן אַרבייטער, וועלכער איז אָנגעגריפען פון אַ כראָנישער קראַנקהייט, קרוב צו דריי יאָהר. נאָך אַן אַרבייטער ווערט אויסגעהאַלטען שוין איבער 8 מאָנאַטען. דער פאָנד, צו וועלכען יעדער אַרבייטער צאָהלט 10 סענט וועכענטליך, ווערט פאַרוואַלטעט פון אַ קאָמיטע פון שאַפּ־אַרבייטער.

עס איז שוין דערמאָנט געוואָרען, אַז דער טשערמאַן פון שאַפּ איז באַרני בראָדער. צו איהם, מעהר ווי צו אירגענד וועלכען אַנדער יחיד, מוז צוגעשריבען ווערען דער קרעדיט פאַר דער שעהנער אויפפירונג און די פיינע האַנדלונגען פון די אַרבייטער פון דעם שאַפּ. צו זיין פאַראַנטוואָרטליכען אַמט — ניט קיין באַצאָהלטער, חלילה — האָט באַרני געבראַכט די איבערגעבענהייט און עקשנות פון דעם היימישען ישיבה־בחור — און אויב מיר מאַכען ניט קיין טעות, דאַכט זיך אונז אַז ער האָט אין דער אַלטער היים „געקוועטשט אַ באַנק". דאָס איז אַן אינטעליגענטער, פּראָגרעסיווער אַרבייטער, אָהן פּרעטענציעס און אויך אָהן פּערזענליכע אַמביציעס. ניט אומזיסט ווערט ער געאַכטעט סיי פון די אַרבייטער פון זיין שאַפּ און סיי פון דער פירערשאַפט פון אונזער יוניאָן.

דאָ וואָלט זיך געפּאַסט צו דערמאָנען באַרני'ס אינגערען ברודער, דזשעק, וועלכער אַרבייט אין זעלבען שאַפּ און, לציס זאָגען, אַז ער העלפט דעם עלטערען ברודער פיל ארויס אין זיין אַרבייט. אָבער זאָל דער חייל זיין גענוג.

דאָס איז אַן עולה

ווען די אויבען־דערמאָנטע שורות זיינען שוין אָנגעשריבען געוואָרען, איז אונזער אויפמערקזאַמקייט געצויגען געוואָרען צו אַ בריף פון נייטען מאַרגאָליס, געהילפס־מענעדזשער פון לאָקאַל 22, וועלכער איז ערשינען אין „פאָרווערטס" דעם 23טען יולי.

דער בריף איז אַן ענטפער אויף געוויסע באַמערקונגען, וועלכע זאָלען האָבען געמאַכט געוואָרען פון איינינע באַאַמטע פון דער פּאַריערס יוניאָן אין באַצוג צו אונזער יוניאָן, דערמאָנענדיג דערביי דעם שאַפּ פון מאַקס וויזען. די באַטרעפענדע באַאַמטע פון דער פּאַריערס יוניאָן זאָלען זיך האָבען אויסגעדריקט, אַז די דרעסמאַכער יוניאָן ערלויבט אויך „טעמפּאָראַרי אַרבייטער" און דער שאַפּ פון מאַקס וויזען איז איינער פון די וואו דער איבעל ווערט פּראַקטיצירט. מיר ציטירען בכיוון אַ טייל פון ברודער מאַרגאָליס' בריף, ווייל מיר באַטראַכטען די באַהויפּטונג ניט מעהר און ניט ווענינער אַלס אַ פאַרלימדונג געגען אונזער יוניאָן און געגען די אַרבייטער פון מאַקס וויזענס שאַפּ. שרייבט ברודער מאַרגאָליס:

„עס איז נישט אמת. די דרעסמאַכער יוניאָן ערלויבט ניט קיין טעמפּאָראַרי אַרבייטער. אַזוי שנעל ווי אַן אַרבייטער אַרבייט אַ זיין אַרבייט פון דרייסיג־טעג טרייעל־פּעריאָד אין אַ שאַפּ, האָט מיינט 35 שטונדען, איז ער באַרעכטיגט צום דזשאַב און דער באָס קען זיי ניט אוועקשיקען. נאָך מעהר, אַפילו אין פאַלען וואו אַן אַרבייטער, זייענדיג גערן צו קריגען אַ דזשאַב, האָט שטילערהייד פאַרשפּראָכען דעם באָס אַז ער וועט אָנגעהאַלטען דעם דזשאַב אַלס טעמפּאָראַרי אַרבייטער, אָנערקענט עס די יוניאָן ניט. אונזער אַגרימענט אָנערקענט ניט קיין פּריוואַטען אָפּמאַך צווישען באָס און אַרבייטער וואָס איז געגען די באַדינגונגען פון אונזער קאָלעקטיווען אַגרימענט.

„איך ווייס נישט וואָס האָט באַוואויגען די פירער פון דער פּאַריערס יוניאָן צו מאַכען אַזאַ סטייטמענט ביי זייער מיטינג. איך וויל ניט אויסדריקען קיין מיינונג וועגען דעם אַגרימענט אין פּאַר טרייד, וואָס זיי האָבען אונטערגעשריבען געבענדיג די בעלי בתים דאָס רעכט ארויפצונעמען טעמפּאָראַרי אַרבייטער פאַר זעקס וואָכען. מעגליך, אַז אין די אומשטענדען וואָס זיי האָבען זיך געפונען, האָבען זיי אַנדערש ניט געקענט האַנדלען. אָבער פאַרוואָס פּרובירען זיך רעכטפערטיגען פאַר זייערע מיטגלידער דורך מאַכען אַ בלבול אויף אַ שוועסטער יוניאָן?

„אַט וואָס עס איז די געשיכטע מיט די טעמפּאָרערי אַרבייטער אין דעם מאַקס וויזען שאַפּ.

„דער שאַפּ איז איינער פון די בעסטע יוניאָן־שעפּער, וואָס מיר האָבען אין טרייד. דאָרט אַרבייטען פילע פון אונזערע בעסטע און אַקטיווסטע מיטגלידער פון דער יוניאָן. די אַרבייטער פון דעם שאַפּ, זייענדיג קלאַסען־באַוואוסטזיניג און ווילענדיג העלפען מיט וואָס נאָר מעגליך זייערע אַרבייטסלאָזע ברידער און שוועסטער, האָבען עס געמאַכט אַלס רול אין זייער שאַפּ ניט צו לאָזען קיין איין פּלאַץ לעדיג. ווען עס פּאַסירט אַז ווער עס איז פון די אַרבייטער קען ניט קומען צו דער אַרבייט איבער קראַנקהייט אָדער אַנדערע אורזאַכען, נעמט דער טשערמאַן ארויף אַן אַרבייטסלאָזען אויף דעם פּלאַץ ביז וואַנען דער אַרבייטער קומט צוריק. אַזוי ווי אין דעם שאַפּ ווערען באַשעפטיגט קאַרגע פינף הונדערט אַרבייטער, זיינען אַלע מאָל פאַראַן געלעגענהייטען צו געבען אַן אַרבייטסלאָזען אַ מעגליכקייט צו פאַרדינען אַ פּאָר טעג שכירות.

„לעצטענס איז דער שאַפּ געווען איין וואָך אין גאַנצען געשלאָסען און די אַרבייטער האָבען גענומען וואַקיישאָן. געווען אַ ביסעל אַרבייטער וואָס האָבען געוואָלט נעמען מער ווי איין וואָך וואַקיישאָן און ווען דער שאַפּ האָט זיך צוריק געעפענט זיינען געבליבען 44 מאַשינען און עטליכע פּלעצער אין פינישינג און קלינינג דעפּאַרטמענט לעדיג.

„די אַרבייטער, ווי זיי פיהרען זיך אַלע מאָל, זיינען באַשטאַנען אַז פאַר דער צייט וואָס די רעגעלע אַרבייטער זיינען אויף וואַקיישאָן זאָל מען ארויפנעמען אַרבייטסלאָזע אויף זייערע פּלעצער און געבען זיי אַ געלעגענהייט צו פאַרדינען אַ וואָך שכירות. דער אַרבייטס־געבער האָט עס, דעם אמת זאָגענדיג, ניט געוואָלט. קיין סך אַרבייט איז אין שאַפּ סיי ווי ניט געווען. די אַרבייטער האָבען זיך געטיילט מיט דער אַרבייט און האָבען אַליין געקענט גאַנץ גוט אויפמאַכען די ביסעל אַרבייט. די אַרבייטער אָבער זיינען באַשטאַנען, אַז אַרבייטסלאָזע זאָל געגעבען ווערען אַ געלעגענהייט צו מאַכען עטליכע דאָלאַר און זיי האָבען טאַקע אויסגעפירט.

„אַלס רעזולטאַט האָבען 44 אָפּערייטאָרס, 15 פינישערס און 9 קלינערס געקראָגען אַ געלעגענהייט צו פאַרדינען עטליכע דאָלער. פאַרשטעהט זיך, אַז אַט די אַרבייטסלאָזע וואָס מען האָט ארויפגענומען פאַר דער צייט וואָס די רעגעלע אַרבייטער האָבען גענומען אַן עקסטרא וואָך וואַקיישאָן האָבען קיין פּערמאַנענטע דזשאָבס אין דעם פּלאַץ ניט געקענט האָבען, סיידען מען זאָל ארונטערשיקען די אַלטע אַרבייטער פון די פּלעצער. אַט דאָס זיינען די „טעמפּאָראַרי אַרבייטער" אין מאַקס וויזענס שאַפּ...

„צו נעמען אַזאַ שיינעם שטריך פון אַרבייטער־סאָלידאַריטעט און דאָס פאַרקריפּלען צום געדאַנק אַז דאָס מיינט אַז אין דער דרעסמאַכער יוניאָן ערלויבט מען טעמפּאָראַרי אַרבייטער, איז מער ווי אַן עולה פון אַ פאַראַנטוואָרטליכער פירערשאַפט".

ברודער מאַרגאָליס' בריף רעדט פאַר זיך אַליין, און אונז בלייבט גאָרניט צוצוגעבען צו איהם.

גוטע אַרבייט ווערט אָנערקענט

די אַרבייטער פון „דזשוניאָר פאָרמאַלס", 498 — 7טע עוועניו, האָבען לעצטען געפּראַוועט אַ שטיקעל שמחה'לע. מען איז זיך צונויפגעקומען אין אַ האַנד־סאַמער רעסטאָראַן, וואוהין מען האָט אויך איינגעלאַדען די ברידער: סאַשאַ זימערמאַן, נייטען מאַרגאָליס און מאַקס גוזמאַן, אַלס עהרען געסט. מען האָט גאַנץ פיין צוגעביסען און נאָכהער האָט מען, נאַטירלאָך, געהאַלטען רעדעס. און די ספּיטשעס, זאָגט מען אונז, זיינען געווען ניש'קשה'דיגע.

דער שאַפּ האָט, צו דער געלעגענהייט, פּרעזענטירט זייער ביזנעס־אייזשענט, ברודער וו. הימעלפאַרב, מיט אַ שיינעם ריסט־וואָטש. אָבער טאַקע אַ גוטען. דער אַלע מאָל קאַלטבלוטיגער הימעלפאַרב, וועלכער ווערט פון קיין זאַך ניט נתפּעל, טראָגט זיך אַרום מיט דעם זייגערעל, אַזוי ווי אַ סקול־קינד. פילט זיך שטאַרק געשמייכעלט, ווייל די אַרבייטער פון „דזשוניאָר פאָרמאַלס" זיינען ניט אָבי ווער. דאָרטען אַרבייטען אַ צאָל פון אונזערע סאַמע בעסטע מענטשען, גוטע אַקטיווע מיטגלידער, וועלכע וואַרפען זיך ניט מיט קיין פּרעזענטען און מיט קיין קאָמפּלימענטען. ניט אומזיסט שמייכעלט וועלוועלע.

דער טשערמאַן פון שאַפּ, ברודער מאַקס מעדווין, האָט אויך באַקומען אַ ווערטפולע מתנה — אַ קאַמערע. די צרה איז וואָס מאַקס קען ניט די מלאכה פון מאַכען פּיקטשעס. אָבער, ניטשעוואָ, זאָגט ער, ער וועט זיך אויסלערנען.

די קאָמיטע, וועלכע האָט איינגעקויפט די שעהנע פּרעזענטען און האָט אַראַנזשירט די שמחה'לע איז באַשטאַנען פון די ברידער מאַקס לייך, בעני גאָרער, מערענץ און סלוצקי פון לאָקאַל 22, און דזשאָזעף פון לאָקאַל 60 און קאַפּלאַן פון לאָקאַל 10.

# רוף צו שאַפּ־טשערלייטע פון דער קלאָוק אינדוסטריע.

ברידער: —

ווי עס איז אייך שוין באַוואוסט, האָט אונזער לאָקאַל 117 אַראַנזשירט אַן עקסקורשאָן פאַר שבת, דעם 27טען אויגוסט. דער עקסקורשאָן איז ניט אַראַנזשירט געוואָרען אַלס אַ בענעפיט צו מאַכען געלט, נאָר איז אַ טייל פון דעם עדיוקיישאָנעל פּראָגראַם וואָס איז לעצטען סיזאָן אַזוי ערפאָלגרייך דורכגעפירט געוואָרען.

די פּרייזען פון די טיקעטס — 75 סענט פאַר ערוואַקסענע און 40 סענט פאַר קינדער (ביז 12 יאָר), איז דער פּרייז וואָס קאָסט אונז. (דער רעגולער פּרייז איז $1.25 און 75 סענט פאַר קינדער).

מיר האָבען גענומען די גרויסע און פּראַכטפולע שיף „סטייט אָוו דעלעווער", וועלכע וועט אָפּגיין 9.30 פרי פון פּיער 1, בעטערי פּאַרק, דורך דעם שיינעם לאָנג איילאַנד סאָונד קיין ראָטאָן פּאָינט, קאָנעקטיקוט סטייט.

דער שולמאַן טאַנץ־אָרקעסטער און די באַוואוסטע טרובאַדור זינגער גרופּע זיינען אַנגאַזשירט געוואָרען צו אַמוזירען דעם עולם אויפ'ן שיף.

אויפ'ן אינזעל וועט אונזער סאָקער טים שפּילען אַ קאָנטעסט מיט דעם סאָקער טיעם פון לאָקאַל 10.

מיט איין וואָרט, מיר האָבען געמאַכט אַלע נויטיגע אַראַנדזשמענטס אַז די מיטגלידער וועלען קומען מיט זייערע פאַמיליעס, זאָלען זיי פאַרברענגען אַ טאָג אין פאַרגעניגען.

מיר האָבען באַשטימט דריי פּרייזען צו די וועלכע וועלען האָבען דעם „לאַקי" נומער — אַ וואָך וואַקיישאָן אין אונזער אינטערנעשאָנעל יוניטי הויז, אַ ראַדיאָ און אַן עלעקטרישער זייגער.

עס וואָלט דארום געווען ראַטזאַם, אַז איר, אַלס טשערמאַן, זאָלט זען אַראַנזשירען אַז אַלע אָפּערייטאָרס פון אייער שאַפּ זאָלען קומען צוזאַמען מיט זייערע פאַמיליעס.

מאַכט די אַראַנדזשמענטס מיט ברודער דייווידאָוו, אין לאָקאַל אָפיס, און עס וועט פאַר אייך באַשטימט ווערען אַ באַזונדער פּלאַץ און אַ סיין מיט דעם נאָמען פון אייער שאַפּ.

רעדט זיך גלייך צוזאַמען מיט אייערע אָפּערייטאָרס און קומט אין לאָקאַל קויפען די טיקעטס.

מיט ברידערליכען גרוס,

קלאָוק אָפּערעיטאָרס יוניאָן לאָקאַל 117.

ר. צוקערמאַן, טשערמאַן.
לואיס ליווײַ, מענעדזשער.

עדיוקיישאָנעל קאָמיטע

מ. פיינבערג, טשערמאַן.
י. סטענזאָר, סעקרעטער.

# יוניאן טעטיגקייטען אין סאן פראנציסקא

פון י. מינקאף



ווין לאנג ניט געשריבען אין דער „גערעכטיגקייט". אבער דאס איז ניט ווייל עס איז ניט געווען וואס צו שרייבען, נאר ווייל עס איז איינפאך קיין צייט ניט געווען.

אונזער יוניאן אין סאן פראנציסקא איז באדייטענד אויסגעוואקסען זינט דער קאנווענשאן פון אונזער אינטערנעשאנאל אין 1937. צוערשט איז אונז צוגעקומען דער לאקאל פון די ניט-גודס ארבייטער, לאקאל 191, וועלכער האט א פולען קאנטראל איבער'ן טרייד. דער לאקאל האט א יוניאן-אגרימענט פאר די נעקסטע פאר יאר, יוניאן באדינגונגען און א קלאוזד שאפ. א צרה איז נאר מיט דער ארבייטסלאזיגקייט וואס האט זיך באזעצט אין די שעפער כמעט גלייך מיט דעם געבורט פון דער יוניאן. זעהר ווייניג פון די מיטגלידער ארבייטען נארמאל. די מערהייט ארבייט זעהר ווייניג אדער איז אין גאנצען ארבייטסלאז. טראץ דעם אבער ווערען די לאקאל מיטינגען גוט באזוכט און זיי קריגען א גוטע אויסבילדונג אין טרייד יוניאניזם.

דער נייעסטער צוגאב צו אונזער יוניאן-משפחה דא אין שטאט איז דער כינעזישער לאקאל 341. דעם אמת זאגענדיג האבען פילע פון אונז געגלויבט, אז דאס ארגאניזירען פון די כינעזישע ארבייטער וועט זיין כמעט אוממעגליך. דאס איז אבער געווארען א פאקט א דאנק דער אומערמידליכער ארבייט פון אונזער אינטערנעשאנאל ארגאנייזער דזשעני מעטיאס. איר האט איר געקענט טרעפען גאנץ פרי און שפעט אין אווענד, פאר און נאך דער ארבייט אין כינעזישען קווארטאל באזוכענדיג די ארבייטער אין זייערע היימען איינפלאנצענדיג דעם געדאנק פון טרייד יוניאניזם צווישען זיי מיט דער הילף פון אן איבערזעצער. לעצטען נאוועמבער איז איר געלונגען צוזאמענצונעמען א גרופע פון די ארבייטער און ארגאניזירען זיי אין א לאקאל וועלכען פרעזידענט דובינסקי האט גלייך ארויסגעגעבען א טשארטער. דער לאקאל איז שנעל געוואקסען הויפטזעכליך צווישען די ארבייטער פון איין שאפ — די „נעשאנאל דאלאר פעקטארי". ערב קריסטמעס האט די פירמע, כדי פטור צו ווערען פון דער יוניאן, אוועקגעשיקט די אקטיווע יוניאן-לייט, פיר אין צאל, אבער דזשעני האט זיי ריאינסטייטעד, סטראשענדיק מיט א סטרייק. דאס האט פיל פארגרעסערט דעם פרעסטיזש פון אונזער יוניאן צווישען די ארבייטער. נאך ניי-יאר האבען מיר אנגעהויבען פארהאנדלען מיט דער פירמע וועגען אן אגרימענט. אין מיטען פון די פארהאנדלונגען האט דער אייגענטימער געלאזט וויסן אונזער יוניאן, אז ער האט פארקויפט דעם שאפ.

סוף פעברואר איז די יוניאן ענדליך געצוואונגען געווארען צו רופען דעם שאפ אין סטרייק. די אריגינעלע אייגענטימער פון דער פאבריק האבען דא אין שטאט דריי סטארס, האבען מיר אוועקגעשיקט פיקעטס ארום די סטארס. צום קרעדיט פון דער יוניאן פון די ריטייל דעפארטמענט אנגעשטעלטע, לאקאל 1100 א. פ. אוו ל., דארף דערציילט ווערען, אז זייערע מיטגלידער וועלכע האבען געארבייט אין די סטארס — ארום 70 קלוירקס — האבען זיך אנטזאגט דורכצוגעהן די פיקעטלאין, און טראץ דעם דרוק פון פארשיידענע פלעצער זיינען זיי געבליבען דרויסען און געהאלטען די סטארס פאקטיש געשלאסען פאר דריי וואכען צייט. די פירמע האט ענדליך געקראגען אן אינדזשאנקשאן, וועלכער האט פארבאטען פיקעטען די סטארס און אויך באגרענעצט אויף פארשיידענע אופנים דאס רעכט פון די סטרייקער. טראץ דעם אבער איז די פעקטארי געבליבען געשלאסען פאר 15 וואכען צייט, ביז די פירמע האט אונטערגעשריבען אן אגרימענט מיט דער יוניאן איינפירענדיג א קלאוזד יוניאן שאפ, א 40 שטונדיגע וואך, פינף פראצענט א העכערונג אויף די שכירות פון אלע ארבייטער, א 14 דאלאר מינימום, געצאלט פאר לייבאר-דעי און אן ארביטריישאן-משיגערי צו שליכטען סכסוכים. דעם 14טען יוני זיינען די ארבייטער צוריקגעגאנגען צו דער ארבייט, און כאטש זיי האבען ניט געוואונען אלע פאדערונגען איז עס דאך געווען א גרויסער נצחון פאר דער אינטערנעשאנאל און פאר די כינעזישע ארבייטער ספעציעל, ווייל דאס איז געווען צום ערשטען מאל אין אמעריקא וואס כינעזישע ארבייטער האבען געסטרייקט און געוואונען יוניאן אנערקענונג און א דעה אויף די ארבייטס-באדינגונגען.

דער אומגליקליכער ריס אין דער אמעריקאנער ארבייטער באוועגונג האט אונז פארשאפט דא א היפש ביסעל צרות. מיר האבען דא געהאט א מיטגליד פון לאקאל 8, וועלכער האט כסדר געזוכט א געלעגענהייט צו ווערען א באצאלטער באאמטער. פאר א שטיקעל צייט איז ער אנגעשטעלט געווארען אלס באאמטער פאר א טייל צייט. עס האט אבער לאנג ניט געדויערט און דער לאקאל האט איינגעזען, אז דער נפש איז א פשוטער רעקעטיר און ער איז ארויסגעשטויסען געווארען פון יעדען אמט. דער ריס אין די ארבייטער-רייען האט אים אבער געגעבען די מעגליכקייט וואס ער האט געזוכט און ער איז אנגעשטעלט געווארען אלס ארגאנייזער פאר דער אמעריקען פעדערייסאן אוו לייבאר. אין יעדען פאל וואו דזשעני מעטיאס האט זיך גענומען ארגאניזירען די ארבייטער פון א שאפ, האט זיך אט-דער נפש באוויזען און אונטערגעשריבען אן אגרימענט פאר די וועלביגע סוועט שאפ באדינגונגען נאר מיט 25 סענט עקסטרא פאר דיוס אין זיין יוניאן. די באסעס, ווייענדיג ניגעריג אנצוהאלטען די וועלבע סוועט-שאפ באדינגונגען, האבען אין א צאל פאלען מיט אים געסעטעלט. און אזוי האט ער ארייגעקראגען א צאל שעפער אין זיין אזוי גערופענער „דזשענעראל גארמענטס ווארקערס יוניאן" פון דער א. פ. אוו ל.

אט די פארברעכערישע ארבייט האט ער אנגעפירט שטילערהייד נאך אלץ זייענדיג א מעמבער אין אונזער יוניאן. ווען מיר האבען זיך דערוואוסט האבען מיר אים גערופען צו פאראנטווארטליכקייט און אים ארויסגעשלאסען פון דער יוניאן. ער איז דאן ארויסגעקומען אפען און מיט דער הילף פון נאך אזוינע טונקעלע פארשוינען אין דער א. פ. אוו ל. ארגאניזאציע דא אין שטאט איז אים געלונגען אז אונזער יוניאן זאל ארויסגעשלאסען ווערען פון לייבאר קאונסיל און זיין לאקאל זאל אריינגענומען ווערען אלס ריכטיגע יוניאן.

דעם זעלבען קונץ האבען זיי געפרובירט דורכפירען ביי דער יוניאן לייבעל אויסשטעלונג, וואס איז דא פארגעקומען צום ערשטען מאל. אבער דאס איז זיי ניט געלונגען.

לויט א באפעל פון דעם נעשאנאל סעקרעטערי פון יוניאן לייבעל טרייד דעפארטמענט און פון פרעזידענט גרין, איז אט די אפאזיציאנס-יוניאן ניט צוגעלאזען געווארען צו דער אויסשטעלונג און אונזער אינטערנעשאנאל ארגאניזאציע האט פארנומען איר געהעריגען פלאץ.

אונזער ביידעל איז, דוכט זיך, געווען די שענסטע אויף דער אויסשטעלונג און האט געצויגען אויפמערקזאמקייט פון די טויזענדע באזוכער.

צווישען די טעטיגקייטען וואס אונזער יוניאן האט אונטערגענומען דורך דער צייט איז ווערט צו דערמאנען אונזער הילפס-קאמפיין פאר שפאניען, אונזער אנטייל אין דעם קאמף געגען דער סיטי ארדנענס צו פארבאטען פיקעטען וואס מען האט געזוכט דורכצופירען; די בילדונג-פארומס, וואס אונזער עדיוקיישאנאל דירעקטאר דזשעני מעטיאס פירט דורך און פילע אנדערע אונטערנעמונגען.

דער סעזאן אין אלע אונזערע פאכן, ביי קלאוקס, דרעסעס, אונטערוועש און ספארטוועער, איז דאס יאר געווען אן אויסערגעווייגליך שלעכטער. די מערסטע מיטגלידער אונזערע האבען ניט געמאכט קיין איין פולע וואך ארבייט. טראץ דעם אלעמען זיינען אונזערע רייען געבליבען פעסט און אונזערע מיטגלידער באגרייפען איצט מער ווי אלע מאל ווי נויטיג עס איז פאר די ארבייטער א שטארקע יוניאן.

## בריף צום רעדאקטאר.

ווערטער רעדאקטאר:

אין ברודער מינקאפ'ס ארטיקעל פון יולי, זאגט ער:

„היינט צו טאג, אום צו פארנעמען אפילו א טעכנישען אמט אין די יוניאן מוז מען קענען מעהר ווי מאכען א גלייכען סים". אלס פאקט גיט ער אונז אן, אז אונזערע באלעבאטים זיינען פון אן אנדער סארט. דאס הייסט, „קאלעדזש מענשען".

וויל איך ניט אריין גיין מיט ברודער מינקאפ'ן אין א ויכוח, נאר איך בין זיכער, אז ער וועט איינשטימען מיט מיר, אז א קאלעדזש מענש ניט האבענדיג קיין טרעיד-ערפארונג קען זיך שנעלער אויסגליטשען אין געבען א לאגישען ארגומענט וואס באלאנגט טרעיד פראגען, ווי דער יעניגער וואס האט טרעיד-ערפארונג און ניט קיין קאלעדזש-בילדונג.

איך בין איינשטימיג מיט ברודער מינקאפ'ן, אז עס איז זייער ווינשענסווערט, אז יעדער איינער וואס פארנעמט, אדער דענקט צו פארנעמען אן אמט אין דער יוניאן זאל באזיצען א ביסעל בילדונג. עס איז, פארשטייט זיך, אביסעל שווערלאך, אז די יוניאן זאל איצט שיקען איהרע מיטגלידער אין די קאלעדזשעס... אבער דער עדיוקיישאנאל דעפארטמענט האט געדארפט א חוץ לערנען די מעמבערס, שפילען, טאנצען און שווימען, צוזאמען נעמען די מעמבערס פון דער יוניאן, וואס באזיצען אן אוניווערזיטעט בילדונג, און מאכען א ספעציעלען קלאס פאר זיי. איך בין זיכער, אז מיר האבען פילע קאלעדזש-גראדואירטע דרעסמאכער. אויך זאל זיין א געוויסע פארמע פון אן עקזאמען, ניש נאר אין טרעיד ערפארונג, נאר אויך אין א געוויסע מאס בילדונג פאר יעדען וואס דענקט צו פארנעמען, וועלכען ניט איז ארט אין דער יוניאן. דאס וועט מאכען די יעניגע, וואס דענקען אז זיי זיינען פיאיג פאר אן אמט אויך זיך צוגרייטען מיט א ביסעל בילדונג וואס איז היינט צו טאג ניט שווער.

וואס אנבאלאנגט די קלובען און גרופען-דעוועלאפ-ציע פון דער גענעראל-עקזעקוטיוו איז זי אן צווייפעל א באפעכטיגטע. אויב די מעמבערס פון די לאקאלען וועט געגעבען ווערען א וועג וואו צו קומען צום אויסדרוק איבער פראגען פון טאג-טעגליכען לעבען אין שאפ. ווען אבער די מעמבערס פון לאקאל 22 האבען ניט קיין געלעגענהייט זיך דורכצורעדען וועגען זייערע טרייד-פראבלעמען, ווייל ווייניג מיטינגען ווערען גערופען און אויף די מערסטע פון מעמבערשיפ-מיטינגען ווערען זעלטען טרייד פראגען אויפגענומען, און אויף די מעמבער-מיטינגען, וואו טרייד-פראגען ווערען יא פארהאנדעלט, ווערט דאס געטאן אויף איין פוס...

פארשטייט זיך, אז אונטער אזוינע אומשטענדען מוז זיך אנטוויקלען א גרויסע אומצופרידענקייט ביי די מעמבערס און ניט קענענדיג זיך אויסדריקען ביי א יוניאן מיטינג ווערען קלובען און גרופען געשאפען, אזוי ווי שוועמלעך נאך א רעגען.

עס איז דערפאר ווינשענסווערט, אז מיט דעם פארבאט אויף קלובען און גרופען זאל אויך עטאבלירט ווערען א פארמע פון אפטע יוניאן-מיטינגען, וואו די גרעסטע צאל מעמבערס זאלען קענען אנטיילנעמען אין די דיסקוסיעס פון זייער טאג-טעגליכע פראבלעמען. דאס וועט אויטאמאטיש מאכען איבעריג די גרינדונג פון פארשידענע קאלירען גרופען.

סאלאמאן פריענד, מעמבער לאקאל 22.

## פרעזענטירען דעם שאפ-טשערמאן.

די ארבייטער פון דעם סקוירט שאפ פון מאריס בלעק, 347 וועסט 39טע סטריט, האבען ארגאנזירט א שמחה אין זייער שאפ לכבוד זייער שאפ טשערמאן, אהרון סטיינבערג. ביי דער געלעגענהייט האבען זיי אים פרעזענטירט מיט א פאסענדער מתנה אלס אויסדרוק פון זייער אנערקענונג פון זיין טיכטיגער און איבערגעבענער ארבייט אלס זייער שאפ פארטרעטער, ווינשענדיג אים געזונד און גליק, און פילע יארען טעטיגקייט.

זיי האבען אויך אנגענומען א רעזאלוציע צו באדאנקען דער אדמיניסטראציע פון לאקאל און איבערהויפט די ברידער לואיס ריעס, מענעדזשער; לואיס גארדאן, טשערמאן, און סעם גאלד, ביזנעס אגענט, פאר זייער איבערגעבענער אויפפאסונג און קאאפעראציע אין פארטיידיגען די אינטערעסען פון די ארבייטער.

די קאמיטע: מאו נייטענס, סעם ליעבליין,
סעם גאלדמאן, סידני אקער.

# אינטערנעשאנאל ברייטערט אויס ארגאניזאציאנס אפאראט אין מאנטרעאל



וליב דעם וואס די פונקציעס פון אונזער אינטערנעשאנעל אין מאנטרעאל ווערען אלץ מער און מער, האבען מיר געפונען פאר נויטיג דורכצופירען געוויסע ענדערונגען אין אונזער ארגאניזאציאנס־אפאראט. די ענדערונגען זיינען געמאכט געווארען מיט דעם ציל, אז די ארבייטען פון אונזער אינטערנעשאנעל אין מאנטרעאל זאלען קענען בעסער און גרינדליכער דורכגעפירט ווערען.

ביז איצט איז געווען איין מענעדזשער — טאקע מיין ווייניגקייט — אויף אלע דעפארטמענטען פון אונזער אינטערנעשאנעל. איצט זיינען באשטימט געווארען אסיסטענט־מענעדזשערס פאר די פארשידענע דעפארטמענטען, וועלכע וועלען זיין פאראנטווארטליך צום מענעדזשער. דאס וועט דעם מענעדזשער באפרייען פון געוויסע רוטין־ארבייט און וועט צוליב דעם קאנען שענקען מעהר צייט און אויפמערקזאמקייט צו אלגעמיינע אינטערעסען פון דער אינטערנעשאנעל אין מאנטרעאל.

אלס אסיסטענט מענעדזשער צום קלאוקס־דעפארטמענט איז באשטימט געווארען ברודער סעמועל קרייזמאן, וועלכער איז פאר א צייט געוועזן מענעדזשער פון טאראנטער דזשאינט באארד.

אין דעם קלאוקס דעפארטמענט איז איצט אזוי לעבעדיג ווי אין א בינשטאק. די פארשידענע פרייז־קאמיטעס זיינען איצט גוואלדיג פארנומען מיט איינשטעלען פרייזען. דער סעזאן פון ארבייט אין די קלאוק שעפער וועט זיך באלד אנפאנגען. פארלויפיג איז די צייט ניט אזא גוטע און דערפאר האבען מיר נאך אונטערהאנדלונגען מיט די באלעבאטים איינגעשטימט, אז דער צווייטער 5 פראצענט „רעיז" וואס האט, לויט דעם אגרימענט, געזאלט אריינגעהן אין קראפט דעם ערשטען יולי, זאל אפגעלייגט ווערען אויף דעם ערשטען יאנואר.

די בעלי־בתים האבען ארויסגעשטעלט דעם פארלאנג צו אפלייגען די 5 פראצענט לוין־העכערונג, באהויפטענדיג, אז אויב די דאזיגע קאנצעסיע וועט זיי ניט געגעבען ווערען וועט עס זיי שטערען צום פארקויף פון קלאוקס. עס איז וועגען דעם פארהאנדעלט געווארען פאר דעם אומפארטייאישען טשערמאן, איסאכאר גרינבערג. די יוניאן האט געפילט, אז ס'איז אין די אינטערעסען פון טרייד בכלל, נעמענדיג אין אכט די אומגינסטיגע טרייד־סיטואציע, אפצולייגען די לוין־העכערונג פון 5 פראצענט אויף יאנואר, כדי די איצטיגע פרייזען פון פראדוקציע זאלען פארלויפיג ניט געהעכערט ווערען. ס'איז אבער פארשטאנען געווארען, אז אין יאנואר זאל די לוין־העכערונג אריינגיין אויטאמאטיש אין קראפט אן אונטערהאנדלונגען.

ווען עס איז צו די לאקאלען באריכטעט געווארען וועגען די פארהאנדלונגען איבער דעם 5 פראצענט „רעיז", האבען די מיטגלידער איינשטימיג אנגענומען די רעקאמענדאציע פון דזשאינט קאונסיל. די מיטגלידער האבען דערביי ארויסגעוויזען א געהעריגע פארשטענדיגונג פאר די פראבלעמען פון טרייד און מאניפעסטירט זייער צוטרוי צו דער פירערשאפט פון דער יוניאן. דאס וויזט אויף דעם געזונטען צושטאנד וואס עס הערשט אין אונזער מאנטרעאלער ארגאניזאציע.

### קאמפיין צו גוטמאכען צוריקשטעהענדע מיטגלידער

דער דזשאינט קאונסיל האט באשלאסען, אז עס מוז דורכגעפירט ווערען א קאמפיין צו מאכען גוטשטייענד א צאל פון אונזערע מיטגלידער, וועלכע זיינען צוריקגעשטאנען אין זייערע דיוס־צאלונגען.

עס איז פאר דעם צוועק באשטימט געווארען א קאמיטע מיט פארטרעטער פון אלע לאקאלען, און אט די קאמיטע וועט דארפען „טשעקען" יעדען מיטגליד און זעהן, אז ער זאל ניט זיין צוריקגעשטאנען אין זיין „דיוס". מיר זיינען איבערצייגט, אז אט דער קאמפיין וועט דורכגעפירט ווערען ערפאלגרייך און דאס וועט פארשטארקען דעם פינאנציעלען צושטאנד פון דער יוניאן, און. עס וועט האבען א גוטע ווירקונג אויף די פרייד־קאמיטעס און ווען א יוניאן איז פינאנציעל שטארקער ווערט זי אויך מער רעספעקטירט פון די בעלי־בתים. פארשטארקען. און באפעסטיגען די קלאוקמאכער יוניאן — דאס איז איצט איינע פון אונזערע צילען.

## פון בערנארד שעהן

גענעראל ארגאניזער א. ל. ג. וו. י.

### די ענדערונג אין דרעס דעפארטמענט

אין דער צייט ווען מיר האבען פאר'ן קלאוקס־דעפארטמענט באשטימט אן אסיסטענט־מענעדזשער, האבען מיר געפונען פאר נויטיג צו באשטימען צוויי אסיסטענטס צום מענעדזשער פאר דעם דרעס־דעפארטמענט. זיי זיינען: דזשאהן אלען, דער מענעדזשער פון קאטער'ס לאקאל 205 און קלאוד דזשאדווע, אן ארגאניזער פאר אונזער דרעסמאכער יוניאן.

ברודער אלען וועט, לויט זיינע נייע פליכטען, האבען דעם אויפזיכט איבער די „קאמפליינטס", ווי אויך אויף דעם אדמיניסטראטיווען אפיס. צו ברודער דזשאדווע ווערט איבערגעגעבען דער אויפזיכט איבער ארגאניזאציאנעלע אנגעלעגענהייטען. ברודער דזשאדווע פארטרעט די פראנצויזיש־שפרעכענדע מיטגלידער פון דער דרעסמאכער יוניאן און ברודער אלען די ענגלישע.

דער סטעף פון דער דרעסמאכער יוניאן און א ספעציעלער ארגאניזאציאנס קאמיטעט האבען זיך אונטערגענומען צו מאכען גוטשטייענד אין די דיוס־צאלען אלע מיטגלידער ביז'ן ערשטען אקטאבער, ווען די העכערע דיוס־צאלונגען פאנגען זיך אן. הגם ס'איז איצט זייער שוואך אין טרייד, האפען מיר אבער, אז אזוי שנעל ווי דער סעזאן וועט זיך אנפאנגען, וועט די אקציע איינצומאנען די „דיוס" דורכגעפירט ווערען ערפאלגרייך. די מיטגלידער, וועלכע ווילען איינצאלען „דיוס" פאראויס ביז יאנואר, קריגען די פריווילעגיע וואס מען וועט זיי ביז דאן רעכענען די קלענערע „דיוס"־צאלונגען. ווערענד די מיטגלידער וואס וועלען פארנאכלעסיגען גוטצומאכען זייער דיוס ביז אקטאבער, וועלען נאך אקטאבער דארפען צאלען זייערע צוריקגעשטאנענע „דיוס" לויט דעם געהעכערטען קורס.

עס איז צו ערווארטען, אז די מיטגלידער וועלען קאאפערירען אין דער דאזיגער אקציע און די דרעסמאכער יוניאן, וועלכע איז, לויט איר צאל מיטגלידער, די גרעסטע יוניאן אין שטאט וועט געשטעלט ווערען אויף א געזונטען באזיס.

❦

### פינף פראצענט רעארגאניזיישאן.

אין איינקלאנג מיט א פונקט נאך פון אלטען אגרימענט, זיינען די דרעס־בעלי־בתים בארעכטיגט צו רעארגאניזירען זייערע שעפער היינטיגען חודש אויף 5 פראצענט. לויט דעם נייעם אגרימענט ווערט דער יולי רעארגאניזיישאן אפגעשאפט. עס בלייבט בלויז 5 פראצענט רעארגאניזיישאן אין יאנואר.

פארלויפיג האבען מיר ערהאלטען אפליקאציעס פאר רעארגאניזיישאן פון עטלאכע און צוואנציג שעפער און עס רירט אן צוזאמען 59 ארבייטער. מיר, פון אונזער זייט, אונטערהאנדלען מיט די דאזיגע בעלי־בתים און מיר האפען, אז נאך די אונטערהאנדלונגען וועלען מער ווי א העלפט פון די דאזיגע ארבייטער „רע־אינסטייטעט" ווערען. לויט א באשלוס וואס דער דזשאינט באארד האט אנגענומען מיט דריי חדשים צוריק, איז די יוניאן פאראינטערעסירט צו פארהאנדלען נאר פאר אזעלכע בעלי־מלאכות וועלכע זיינען גוטשטייענד מיט זייער „דיוס", און די יעניגע וועלכע האבען אין די לעצטע 3 חדשים ניט געפונען פאר וויכטיג צו גוטמאכען זייער מיטגלידערשאפט, איז די יוניאן ניט פאראינטערעסירט צו פארהאנדלען אין די רעארגאניזיישאן פאלען וואס וועלען זיך מאכען.

### דער „באל מידזינעט" וואס האט אויפגערודערט מאנטרעאל.

דער פראכטפולער „באל מידזינעט" וואס אונזער אינטערנעשאנעל האט דורכגעפירט אין מאנטרעאל דעם 23טען יוני, האט אויפגערודערט די שטאט און דאס איז געווען א גרויסע געשעעניש אין די סאציאלע קרייזען פון דער קענעדער מעטראפאליע. ס'איז געווען א באל אויף דעם פאריזער שטייגער. אונזערע פראנצויזישע מיטגלידער און אונזערע פראנצויזישע פריינד זיינען געווען אויסערגעוויינליך באגייסטערט צו זעהן א שטיק פאריז ביי אונז אין מאנטרעאל.

צום באל זיינען געקומען א צאל זייער חשובע געסט, לייטענדע פיגורען פון פאליטישען לעבען, ווי אויך פירער פון די טרייד־יוניאן קרייזען. לואידזשי אנטאניני, ערשטער וויס־פרעזידענט פון אונזער אינטערנעשאנעל, איז געקומען צו פארטרעטען אונזער פרעזידענט, וועלכער האט, ליידער, צוליב קראנקהייט, ניט געקענט קומען. נאך א וויכטיגער גאסט פון אונזער אינטערנעשאנעל איז געווען שוועסטער ראוז פעסאטא, וועלכע איז געקומען ספעציעל צום באל פון באסטאן. אנדערע געסט זיינען געווען: האנ. אדהעמאר ריינא, מעיאר פון מאנטרעאל; ס. בושארד, פירער פון דער ליבעראלער אפאזיציע אין קוויבעקער לעדזשיסלייטשור; קלעאפאס באסטיע, א ליבעראלער מיטגליד פון לעדזשיסלייטשור; מוסיע מוניע, סעקרעטער פון האנ. גאדבא, פירער פון די קוויבעקער ליבעראלען; קאנדיד ראשפארט, בארימטער טרייד־יוניאן פירער; מר. וועלש, פרעזידענט פון טאראנטא טעקסטיל יוניאן, און פילע אנדערע, וועמענס נעמען איך קאן ניט אויסרעכענען צוליב מאנגעל אין פלאץ.

אויסער וואס עס איז דורכגעפירט געווארען א פראכטפולער קאנצערט פון פראנצויזישע פאלקס־לידער, איז אויך פארגעקומען א „פעשאן־פאראד" און דרעסעס פאר דעם צוועק זיינען אויסגעליען געווארען פון די דרעס־פירמעס, ביי וועלכע עס זיינען באשעפטיגט אונזערע מיטגלידער.

ס'איז געווען א גרויסע געשעעניש פאר אונזערע מיטגלידער דער „באל מידזינעט". מיר פלאנעווען צו מאכען נאך אזעלכע אונטערנעמונגען אין דער נאענטער צוקונפט.

דער געשלאסענער אגרימענט אין עמבראידערי טרייד.

נאך לייגערע אונטערהאנדלונגען און דינגענישען האבען די עמבראידערי בעלי־בתים געשלאסען א קאלעקטיווען אגרימענט מיט אונזער יוניאן. דער נייער אגרימענט, וואס איז פאר צוויי יאר, איז אונטערגעשריבען געווארען דעם 26טען יוני, און ער איז ביי א ספעציעלען מיטינג פון דער עמבראידערי, פליטערס און סטיטשערס יוניאן לאקאל 315, מיט גרויס ענטוזיאזם גוטגעהייסען געווארען.

לויט די פונקטען פון אגרימענט איז יעדער ארבייטער בארעכטיגט צו א „רעיז" פון ניט ווייניגער ווי א דאלער, און מאנכע בעלי מלאכות קריגען לוין־העכערונגען פון 3 און 4 דאלער. דאס איז לויט די נייע לוין־מינימומס וועלכע זיינען איינגעשטעלט געווארען און וועלכע גייען אריין אין קראפט פון דעם ערשטען אויגוסט.

איצט איז נויטיג, אז דער דאזיגער אגרימענט זאל לעגאליזירט ווערען לויט דעם קאלעקטיווען לייבאר אגרימענט עקט. שריט צו דורכפירען די לעגאליזאציע זיינען שוין גענומען געווארען.

די עמבראידערי יוניאן איז אין א גוטען צושטאנד. די מיטגלידער ווייסען די וויכטיגקייט פון זיין ארגאניזירט און באגרייפען אויף וויפיל זיי האבען פארבעסערט זייער לאגע זינט זיי האבען זיך פאראייניגט אונטער דער פאהן פון אונזער אינטערנעשאנעל.

---

## טרויער רעזאלוציע.

פרייטאג, דעם 24טען יוני, 1938, איז געשטארבען ברודער ג. לעוועגטאל, א מיטגליד פון דער קלאוק אפערייטארס יוניאן, לאקאל 117. מיט זיין פריצייטיגען טויט האט די קלאוקמאכער יוניאן פארלארען איינעם פון די גרינדער און וועטעראנען, וועלכער האט אוועקגעגעבען זיין צייט, מי און ענערגיע פאר דער בויאונג און בילדונג פון דער ארגאניזאציע.

ברודער לעוועגטאל האט פאר פילע יארען געדינט דער ארגאניזאציע אלס מיטגליד פון דער עקזעקוטיוו באארד פון לאקאל 1 און אויך אלס דזשאינט באארד דעלעגאט. ער איז אימער געווען גרייט צו ווידמען זיין צייט פאר דעם וואוילזיין פון דעם קלאוקמאכער און דער יוניאן.

זיין טויט האט ארויסגערופען א טרויער ביי אלע די וואס האבען אים געקענט.

מיר באדויערען זיין פארלוסט און גלייכצייטיג דריקען מיר אויס אונזער סימפאטיע צו די קינדער וועמען ער האט איבערגעלאזען.

זאל לעבען זיין אנדענקען!

קלאוק אפערייטארס יוניאן לאקאל 117

א. ל. ג. וו. י.

ר. צוקערמאן, טשערמאן.

לואיס ליוויי, מענעדזשער.

GERECHTIGKEIT (*Justice*)

# גערעכטיגקייט

**Vol. XX. No. 9.** **Jersey City, N. J., September, 1938** **Price: 10 Cents**

## לעיבאר דעי

די ארבייטער פון אמעריקא באגעגענען אויך דאס יאר זייער יום־טוב לעיבאר דעי מיט ניט קיין פרעהליכען הארצען. די האפנונג, אז דער קריזיס נעהנטערט זיך צו זיין ענד און אז די גרויסע ארבייטסלאזיגקייט האלט ביים פארשווינדען, איז ליידער ניט פארווירקליכט געווארען. דער קריזיס, גאנץ גלייך מיט וואס פאר א נאמען מען זאל אים ניט רופען, ווייל אונז נאך אלץ ניט פארלאזען און די ארבייטסלאזיגקייט איז כמעט אזוי גרויס ווי אין דער ערגסטער צייט פון דער דעפרעסיע.

עס איז אויך א גרויסע אנטוישונג פאר דער אמעריקאנער ארבייטערשאפט, וואס אויך דאס יאר וועט לעיבאר דעי ניט געפייערט ווערען פון א פאראייניגטער ארבייטער באוועגונג. די געהאפטע אייניגקייט אין די רייהען פון די אמעריקאנער ארבייטער איז ליידער נאך ניט פארווירקליכט געווארען. עס זעט זיך אפילו ניט, אז די האפנונג איז נעהנטער געקומען צו איר פארווירקליכונג.

עס פאדערט זיך אלע מאל אייניגקייט אין דער ארבייטער באוועגונג, ווייל אין זייער אייניגקייט ליגט די גאנצע מאכט פון די ארבייטער. אבער גאנץ באזונדערס איז נויטיג די אייניגקייט אין א שלעכטער, געדריקטער צייט פאר די ארבייטער.

עס זיינען אונטער דער רוזוועלט אדמיניסטראציע דורכגעפירט געווארען מערערע געזעצען, וואס זיינען גינסטיג פאר די ארבייטער. זיי וואלטען אבער א סך בעסער געקענט אויסגענוצט ווערען פון די ארבייטער, ווען עס וואלט עקזיסטירט אייניגקייט אין דער ארבייטער באוועגונג. עס איז דערביי גענוג צו דערמאנען דעם וואגנער געזעץ, וואס איז איינער פון די וויכטיגסטע געזעצען פאר די ארבייטער, וואס זיינען איינגעפירט געווארען אין אמעריקא אונטער רוזוועלט'ס אדמיניסטראציע. אבער די ארבייטער וואלטען פון דעם וואגנער־געזעץ פיל מער פראפיטירט, ווען עס וואלט געהערשט אייניגקייט אין דער אמעריקאנער ארבייטער באוועגונג. ווי עס איז איצט, ווערט אפט דער וואגנער־געזעץ באנוצט פאר דעם קאמף צווישען די געשפאלטענע טיילען פון דער ארבייטער באוועגונג אידער אים צו באנוצען פון א פאראייניגטער ארבייטערשאפט אין קאמף געגען די באלעבאטים.

עס איז פאראן בלויז איין טרייסט, אז דער לעיבאר דעי פון היי־יאר וועט זיין אן אנפאנג פון א בעסערער צייט — אזוי ווייניגסטענס פארזיכערען אונז די עקאנאמיסטען. זיי באהויפטען, אז עס זיינען פאראן אלע צייכען, אז די עקאנאמישע לאגע אין לאנד האלט זיך אין פארבעסערען און אז די ארמיי פון ארבייטסלאזע וועט גאנץ אין קורצען באדייטענד פארקלענערט ווערען.

מיר קענען ניט זאגען אויף וויפיל אט די אפטימיסטישע פאראויסזאגונגען זיינען באגרינדעט, אבער עס ווילט זיך גלויבען, אז זיי וועלען זיך ארויסווייזען פאר ריכטיג.

צום באדויערען זיינען פארלויפיג די צייכענס אין דער נאדעל אינדוסטריע ניט קיין איבעריגס פארשפרעכענדע. די ווערטער „ניטא קיין ארבייט" זיינען נאך אלץ די מייסט־געהערטע פון קלאוקמאכער און דרעסמאכער. אבער די נאדעל אינדוסטריע קען ניט אויפגעריכט ווערען אידער עס וועט קומען אן אלגעמיינע פארבעסערונג אין דער עקאנאמישער לאגע פון לאנד.

---

לעיבאר דעי, וואס איז אנפאנגס געשאפען געווארען אלס אן ארבייטער יום טוב, איז ביסלעכווייז פארוואנדעלט געווארען אין א מין נייע־יאר פאר האנדעל און אינדוסטריע אין אמעריקא. לעיבאר דעי ווערט באטראכט פאר דעם סוף פון זומער וואקיישאנס, פון זומער רוה, און עס פאנגט זיך ווידער אן די צייט פון ארבייט. געשעפטס־לייט, אינדוסטריעלע אונטערנעמער מאכען זייערע פלענער וואס צו טאן נאך לעיבאר דעי. זומער האבען זיי גערוהט אין זייערע זומער־היימען אויפ'ן לאנד, אדער ארומגערייזט אין דער גרויסער וועלט, זיך געלאזט וואוילגיין. נאך לעיבאר דעי אבער קומט מען צוריק אהיים און מען שפאנט זיך ווידער איין אין דער ארבייט. עס איז דעריבער נאטירליך, אז מיט לעיבאר דעי זאלען זיין פארבונדען פארשידענע האפנונגען וועגען בעסערע צייטען פאר האנדעל און אינדוסטריע. די פינאנציעלע, קאמערציעלע און אינדוסטריעלע אפטיילונגען אין די צייטונגען זיינען איצט פול מיט גוטע פאראויסזאגונגען וועגען דער פראספעריטי, וואס וועט זיך אנפאנגען נאך לעיבאר דעי. עס וועט זיך אנפאנגען א פיבערהאפטע ארבייט אין די אויטאמאביל פאבריקען, פארשפרעכט מען אונז, ווייל עס פילט זיך שוין איצט א גרויסע נאכפראגע אויף אויטאמאבילס. די אויטאמאביל פאבריקאנטען מאכען גרויסע פארבארייטונגען און לייגען אריין נייע גרויסע קאפיטאלען אין זייערע אונטערנעמונגען, ווייל זיי דערווארטען א „גרויסען אויטאמאביל יאר". און ווען עס וועט זיין א גרויסער אויטאמאביל יאר וועט אויך מוזען זיין א גרויסער שטאל יאר, ווייל אויטאמאבילס פארברויכען א סך שטאל. און ווען מען פראדוצירט א סך שטאל, פארברויכט מען א סך קוילען; די אייזענבאנען האבען א סך פראכט צו פירען, און אט אזוי קייטעלט עס זיך איינס מיט דאס אנדערע ביז עס קומט צו קלאוק שעפער און די דרעס שעפער.

ווילט זיך עס גלויבען, אז אזוי וועט טאקע זיין, ווייל עס דארף אזוי זיין און מען וויל, אז עס זאל אזוי זיין. אבער מען דערמאנט זיך דערביי, אז אזעלכע גוטע פאראויסזאגונגען זיינען אויך געווען פאר א יארען צו לעיבאר דעי.

---

נאר וואס איז שייך צו לעיבאר דעי האבען די ארבייטער אפילו צו אים קיין מזל ניט. ער איז באשאפען געווארען אלס אן ארבייטער יום טוב, אבער ער האט זיך צו די ארבייטער ניט צוגעקלעפט. פון אנפאנג האט עס אויסגעזעהן, אז לעיבאר דעי וועט ווירקליך ווערען דער יום טוב פון אמעריקאנער ארבייטער. עס פלעגען אין דעם טאג אפגעהאלטען ווערען גרויסע ארבייטער פאראדען; עס פלעגען מארשירען אין די גאסען פארשידענע יוניאנס מיט זייערע פאנען, מוזיק פלעגט שפילען און עס איז געווען יום טוב'דיג. מען האט געקענט גלויבען, אז וואס ווייטער וועט דער יום טוב זיך איינווארצלען ביי די אמעריקאנער ארבייטער מאסען און וועט געפייערט ווערען וואס ווייטער אלץ מער מיט פאראד. עס האט זיך אבער אויסגעלאזען, אז וואס עלטער לעיבאר דעי איז געווארען, אלץ ווייניגער יום טוב איז ער געווארען ביי די ארבייטער. ער איז געווארען א יום טוב פון אמעריקאנער פאלק, אבער ער האט פארלארען זיין כאראקטער אלס ארבייטער יום טוב. די ארבייטער יוניאנס פאראדירען ניט אין די גאסען, און עס ווערען אפילו ניט אפגעהאלטען קיין ספעציעלע ארבייטער פארזאמלונגען דעם טאג. און אויב פריהער איז לעיבאר דעי ווייניגסטענס געווען דערמיט א יום טוב פאר די ארבייטער, וואס זיי האבען אין אים ניט געדארפט ארבייטען, איז היינט ניט ארבייטען גאר קיין יום טוב ניט. די ארבייטער האבען שוין צופיל טעג אין וועלכע זיי ארבייטען ניט.

און עס איז א שאדען, וואס לעיבאר דעי איז ניט געווארען קיין ארבייטער יום טוב, ווי מען האט עס דערווארט. ארבייטער דארפען האבען זייערע ימים־טובים.

א מאל פלעגען די סאציאליסטען אין אמעריקא באטראכטען לעיבאר דעי פאר א קאנקורענץ צו דעם ערשטען מאי. אין דער ווירקליכקייט האבען מערערע פון דער אמעריקאנער טרייד יוניאן באוועגונג טאקע אויך געוואלט, אז לעיבאר דעי זאל זיין א קאנקורענץ געגען ערשטען מאי. אבער היינט איז אט דער געפיל ביי די סאציאליסטען שוין לאנג פארשוואונדען. עס איז בכלל ניטא קיין אורזאך פאר קאנקורענץ צווישען די צוויי ארבייטער ימים טובים. דער ערשטער מאי איז אן אינטערנאציאנאלער ארבייטער יום טוב, וואס האט מער א פאליטישען כאראקטער און וואס זיין צוועק איז צו דעמאנסטרירען די סאלידאריטעט פון די ארבייטער פון דער גאנצער וועלט. לעיבאר דעי איז אבער בלויז א יום טוב פון די ארבייטער פון איין לאנד און אין אים קענען דעמאנסטרירט ווערען די סאלידאריטעט און די פאדערונגען פון די אמעריקאנער ארבייטער.

יעדער יום טוב אין וועלכען עס קען דעמאנסטרירט ווערען די אייניגקייט פון די ארבייטער און ארויסגעשטעלט ווערען זייערע פאדערונגען, דארף באגריסט ווערען. וואס מער אזעלכע יומים טובים. עס דארפען דעריבער געמאכט ווערען אנשטרענגונגען צוריק אויפצולעבען לעיבאר דעי אלס אן ארבייטער יום טוב אין אמעריקא, אלס אן אמת'ען ארבייטער יום טוב.

⁂

## ניט קיין פארווירקליכטע האפענונגען פאר די קלאוקמאכער

ליידער זיינען די אפטימיסטישע פאראויסזאגונגען פון די קלאוק־מאנופעקטשורערס וועגען א גוטען סעזאן ניט מקוים געווארען. עס האט נעמליך געהייסען, אז די נאכפראגע אויף קלאוקס איבער'ן לאנד איז געווארען גרעסער און די מאנופעקטשורערס האבען אנגעפאנגען קריגען גרעסערע באשטעלונגען. עס איז אויך אנגעגעבען געווארען, אז דער פארקויף פון דעם „ריקאווערי לעיבעל" האט זיך באדייטענד פארגרעסערט. דאס זיינען געווען גוטע סימנים צו דערוועקען גוטע האפנונגען, אבער וואס העלפט עס, אז די גוטע האפנונגען זיינען ניט פארווירקליכט געווארען.

עס איז מעגליך, אז די מאנופעקטשורערס האבען טאקע אריינגעקראגען גרעסערע באשטעלונגען, אבער די קלאוקמאכער ווייסען ניט וואו זיי זיינען געבליבען. זיי האבען זיי ניט געזען.

עס איז פאראן ביז א געוויסער מאס ארבייט ביי דעם בעסערען גראד קלאוקס, אבער זעהר ווייניג ביי די ביליגערע. קען מען וועגען דעם פילאזאפירען און זאגען: די בעסערע קלאוקס ווערען געמאכט פאר די רייכערע און זיי האבען אויך איצט מיט וואס צו קויפען. די ביליגערע קלאוקס ווערען געמאכט פאר די ווייניגער פארמעגליכע קלאסען און פאר די ארבייטער און זיי האבען איצט ניט מיט וואס צו קויפען. מען קען אבער אויך זאגען, אז פאר דעם בעסערען גראד קלאוקס מוז מען האבען באלמעלאכעס, אמת'ע קלאוקמאכער, מוז מען עס מאכען אין שטאדט. די ביליגערע קלאוקס אבער קען מען מאכען אומעטום.

מען קען זיך וועגען דעם א סך שטרייטען און ארויסזאגען א סך סברות. אבער די אונטערשטע שורה בלייבט דיזעלביגע — עס איז ניטא קיין ארבייט.

עס איז נאטירליך, אז די קלאוקמאכער, וואס געהען ארום אהן ארבייט, זאלען זיין פארביטערט. עס איז אויך נאטירליך, אז אין א מאמענט פון פארביטערונג און פארצווייפלונג זאל מען זוכען צו ווארפען אויף וועמען עס איז די שולד. און דאס לייכטסטע איז צו ווארפען די שולד אויף דער יוניאן, אז זי דערלאזט ארויספירען די ארבייט פון שטאדט, אז זי האט ניט די נויטיגע קאנטראל א. אז. וו., אבער פארשטעהט דען ניט יעדער איינער, אז די יוניאן איז פאראינטערעסירט, אז די קלאוקמאכער זאלען האבען ארבייט און אז זי וואלט טאן אלץ וואס איז מעגליך צו שאפען ארבייט פאר זיי, ווען זי וואלט נאר קענען?

עס זיינען געקומען ענדערונגען אין דעם קלאוק טרעיד. זיי זיינען ניט געקומען מיט א מאל, נאר ביסלעכווייז. די יוניאן האט אנגעפירט א הארטנעקיגען

# נייע רעגולאציעס ביים אויסצאלען ארבייטסלאזען אינשורענס בענעפיט

דער ריסוירטש דעפארטמענט פון דער אינטערנעשאנאל לאזט וויסען, אז א נייע פראצעדורע איז איינגעפירט געווארען דעם 18טען יולי אין דעם אויסצאלען די ארבעטסלאזען בענעפיט.

לויט דעם נייעם איינפיר וועט אן ארבעטסלאזער וועלכער גיט אריין זיין אפליקאציע פאר ארבייטסלאזע בענעפיט אין דעם סטעיט עמפלאימענט אפיס, וועט מען אים הייסען צוריקקומען אויף דער דריטער וואך נאכדעם ווי זיין אפליקאציע ווערט אריינגעגעבען. קומענדיג דעמאלט וועט מען איהם געבען א סטעיטמענט, וועלכער וועט צייגען אויב ער איז יא, אדער ניט בארעכטיגט צו בענעפיט און וויפיל ער דארף קריגען.

פריער פלעגען די סטעיטמענטס געשיקט ווערען דירעקט פון אלבאני צום ארבייטער אהיים דורך פאסט. לויט דער איצטיגער סיסטעם וועט דער ארבייטער קענען גלייך זאגען דעם באאמטען פון לעיבאר דעפארטמענט אויב דער סטעיטמענט איז ניט ריכטיג און ער וועט באלד קאנען נאכזוכען דעם רעקארד און עס קארעגירען.

נאך דער ערשטער וואך פאר וועלכער עס קומט אים בענעפיט, וועט דער ארבייטער קריגען פון אלבאני א סערטיפיקעישאן קארד, נאר אנשטאט צוריקשיקען די קארד נאך אלבאני ווי ער האט עס געדארפט טאן ביז איצט, וועט ער עס דארפען אליין ברענגען אין סטעיט עמפלאימענט אפיס און עס דארטען אונטערשרייבען דערקלערענדיג, אז ער האט דורך די זיבען טעג ניט געארבייט. דעם בענעפיט טשעק וועט ער אבער דארטען ניט קריגען. די טשעקס וועלען געשיקט ווערען צום ארבייטער אהיים, דירעקט פון אלבאני, ווי ביז איצט.

לויט די נייע רולס וועט דער ארבייטער זיך דארפען מעלדען אין סטעיט עמפלאימענט אפיס איין מאל א וואך. אויב ער קומט זיך ניט מעלדען וועט עס אנגענומען ווערען אז ער ארבייט און זיין קעיס וועט געשלאסען ווערען. איבער דער אורזאכע איז עס נויטיג צו קומען אין סטעיט עמפלאימענט אפיס ווען עס איז די צייט פאר אים צו מעלדען זיך.

דורך אריינגעבען איצטער נייע אפליקאציעס פאר ארבייטלאזען בענעפיט, קענען פילע ניו יארקער ארבייטער, וועלכע מען האט פריהער אנטזאגט בענעפיטס אדער אזוינע וועלכע האבען שוין אפגענומען אלץ צו וועלכעס זיי זיינען געווען בארעכטיגט לויט זייערע פארדינסטען דורך דעם יאהר 1937, איצט דערקלערט ווערען אלס בארעכטיגט צו ווייטערע בענעפיט צאלונגען, ערקלערט דר. לאזר טעפער, ריסוירטש דירעקטאר פון דער אינטערנעשאנאל לעידיס גארמענט ווארקערס יוניאן.

די ענדערונג קומט דערפון וואס איצט ווערט גערעכענט די בענעפיט פון די ארבייטסלאזע לויט זייערע פארדינסטען פון 1טען אפריל, 1937, ביז דעם 31טען מארטש, 1938. די ארבייטער, דעריבער, וועלכע מען האט פריהער ענטזאגט בענעפיט, איבער דעם וואס זיי האבען אין דעם יאהר 1937 ניט פארדינט די נויטיגע סומע, אדער אזוינע וואס האבען שוין געקראגען די גאנצע בענעפיט צו וועלכע זיי זיינען געווען בארעכטיגט לויט די פארדינסטען, איז אויב זיי האבען געארבייט אין א שאפ און פארדינס געלט דורך די ערשטע דריי מאנאטען פון 1938, קענען זיי איצט זיין בארעכטיגט צו ווייטערע בענעפיטס. די ארבייטער ווידער, וועלכע האבען ניט געקענט קריגען קיין בענעפיט דערפאר, וואס זייערע פארדינסטען אין 1937 האט אנגעטראפען מעהר ווי דריי טויזענט דאלאר, קענען איצט ווידער מאכען אן אפליקעישאן אויפן באזיס פון זייערע פארדינסטען אין יאנואר, פעברואר און מארטש, 1938.

אין די אלע פאלען מוז אן ארבייטסלאזער אויסמאכען א נייעם אפליקעישאן און עס אריינגעבען. מעמבערס פון דער אינטערנעשאנאל וואס ווילען אויסמאכען אזא אפליקעישאן, קענען זיך ווענדען אין אפיס פון לאקאל צו וועלכען זיי באלאנגען און דארטען וועלען זיי קריגען אלע אויסקונפטען און יעדע הילף אויסצומאכען די נויטיגע פאפירען.

## געפינט אויס אויב מען האט פאר אייך געצאלט דעם סאשעל סעקיוריטי טעקס.

כדי אויסצוגעפינען אויף זיכער אויב אייער רעקארד פון סאשעל סעקיוריטי צאלונגען איז ריכטיג. אום צו זיין זיכער, אז אייער ארבייטסגעבער האט פאר אייך געצאלט די ריכטיגע סומע סאשעל סעקיוריטי אפצאלונג צו דער רעגירונג לויט אייערע שכירות וואס איהר האט געמאכט:

שניידט אויס דעם קופאן וואס איז דא געדרוקט, פילט אים אויס, לייגט אריין אין א קאנווערט און שיקט עס אויף פאלגענדען אדרעס:

סאשעל סעקיורירטי באארד
טשענדלער בילדינג, באלטימאר מערילענד.

SOCIAL SECURITY BOARD,
BUREAU OF OLD-AGE INSURANCE,
Baltimore, Md.

ACCOUNT NUMBER [ ] [ ] [ ]

DATE OF BIRTH [ ] [ ] [ ]
Month Day Year

Please send me a statement of the wages credited to my Old-Age Insurance Account for the year ending December 31, 1937. I am a member of the International Ladies' Garment Workers' Union.

Name .................................................. } Print or type name and address

Street and number ..................................................

City and State ..................................................

Signature (Do not print) ..................................................

(The space below to be filled in by Social Security Board)

Statement of Old-Age Insurance Account, as per request:

Total wages reported for calendar year Jan. 1, 1937, to Dec. 31, 1937, $..................

I.[illegible]W.U.

SOCIAL SECURITY BOARD,
Baltimore, Md.

איר וועט דאן צוריקקריגען דעם קופאן און אויף אים וועט זיין פארצייכענט די סומע וואס איהר האט פארדינט דורך דער צייט לויט די אנגאבען פון אייער באס.

# „יוניטי הויז" טרעפט זיך אליין איבער מיט אירע קאנצערטען און אונטערהאלטונגען

אז די „יוניטי הויז", די פראכטפולע זומער היים פון דער אינטערנעשאנאל אין די בלויע בערג פון פענסילווייניע, האט זיך דאס יאר אליין איבערטראפען אין אלע הינזיכטען, קען מען זען פון די ווארימע און באגייסטערטע בריוו וואס דער אפיס ערהאלט פון די מיטגלידער וואס האבען דארט פארבראכט א פאר וואכען אדער אפילו בלויז א וויק-ענד. זיי קענען זיך גאר ניט אפלויבען פון דער שיינקייט, באקוועמליכקייט, גוטע שפייז און זעלטען רייכע קאנצערטען און אונטערהאלטונגען וואס ווערען דארט געגעבען.

א מעמבער פון לאקאל 22, וואס האט דארט פארבראכט איהר וואקיישאן שרייבט:

„דאס איז געווען מיין ערשטער וואקיישאן אין דער „יוניטי הויז" און דער בעסטער וואס איך האב ווען געהאט. די פארוויילונגען, די לאנדשאפטען, די מאלצייטען, די ספארט-שפילען, אלץ מיט אן אנדער איז אזוי פראכטפול, אז עס פארדריסט מיר באמת, וואס איך בין ניט געפארען אין „יוניטי הויז" אין די פריהערדיגע יארען. איך פיל אז איך האב געקראגען פאר צוויי מאל אזויפיל פארגעניגען ווי איך האב באצאלט. און חוץ דעם, דער שטאלצער געפיל, אז איך געפין זיך אין דעם זומער פלאץ פון מיין אייגענער אינטערנעשאנאל יוניאן, וועלכעס ווערט אויסגעהאלטען פאר מיין באקוועמלעכקייט און ניט פאר וועמעס עס איז פראפיט".

אט-די באשרייבונג פון דעם מעמבער שטימט פאלשטענדיג מיט דעם באריכט פון דעם מענעדזשער פון דער „יוניטי הויז", אברהם עלנער, וועגען די ארענדזשמענטס פאר די קומענדע עטליכע וואכען.

אין גיכען — שרייבט עלנער — וועלען מיר אויפפירען די אפערא „ריגאלעטא" מיט די זעלביגע ארטיסטען און א פארגרעסערטען ארקעסטער ווי די וואס האבען אזוי ערפאלגרייך דורכגעפירט די צוויי אפעראס „פאוסט" און „פאגליאטשי", וואס האט אזוי שטארק אויסגענומען ביים עולם. די בארימטע סטארס, ארמאנד טאקאטיאן, טענאר; דער וועלט-בארימטער וויאליניסט ארנאלד עידוס און די באליבטע זינגער דזשאן פיערס און ראבערט ווידע וועלען אויפטרעטען אין די פראגראמען דורכן מאנאט אויגוסט. א פארזוך פאר אמאטירענדע לייכטע פארוויילונגען וועט געמאכט ווערען מיט א פארשטעלונג פון דר. פראנץ דזש. פאלגאר פון מענטאל טעלעפאטי (געדאנקען לייענען).

צווישען די ארטיסטען וואס זיינען שוין אויפגעטראטען און וועלען ווארשיינליך נאך אמאל אויפטרעטען אין „יוניטי הויז" היינטיגען סעזאן, זיינען: ווילי ראבין, טענאר; דאראטהי וויקטאר, זינגערין פון ראדיא סיטי מיוזיק האל; אלפרעדא טשיגי, פון דער שיקאגא אפערא קאמפאני; איזא קרעמער; קווידא און איווא, טענצערינס; דער באריטאן לעאנארד לארענז לאזאריז; מילא וועלערסאן, טשעליסט און אנדערע.

די צוויי מאווינג-פיקטשורס „ליטעל מיס ראפנעק" און „דהי פערפעקט ספעסימען" האבען אזוי שטארק אויסגענומען ביים עולם אז מען וועט עס ווייזען דורכן סעזאן. חוץ די קאנצערטען, מאוויס און פארשטעלונגען זיינען דארט צוגעגרייט פארוויילונגען פאר יעדען לויט זיין, אדער איהר געשמאק. טעניס, הענד באל, בעסקעט באל, שווימען, שיפען זיך און אנדערע ספארטס פאר די וואס גלייכען עס. באן-פייערס, פאלקס-געזאנגען, שפאצירען און אנדערע פארוויילונגען פאר די וואס האבען ליב רוה.

ארום און ארום איז עס איינע פון די פיינסטע פלעצער פאר אן ארבייטער אפצורוהען זיך און אנקלייבען פרישע כחות פאר דעם קומענדען יאהר.

# „פינס און נידעלס" אין ניו יארק און אויפ'ן לאנד

די רייזענדע טרופע פון די אינטערנעשאנעל שפילער האבען דאנערשטאג אווענט, דעם 14טען יולי, אנגעהויבען שפילען די ערפאלגרייכע מוזיקאל רעוויו „פינס ענד נידלס" אין לאס אנדזשעלעס. זיי וועלען דארט שפילען דריי וואכען אין בילטמאר טעאטער.

פאר דער פרעמיער פארשטעלונג פון „פינס ענד נידעלס" אין לאס אנדזשעלעס איז דער טעאטער גענומען געווארען אין גאנצען פון דער לאס אנדזשעלעס אנטי-נאצי ליג, וועלכע האט די בילעטען אויספארקויפט צו פינף א האלב דאלאר א שטיק. פילע פראמינענטע פערזענליכקייטען פון דער מאווי קאלאניע זיינען געקומען צו דער פארשטעלונג.

ווי לואיס שייפער, דירעקטאר פון לייבאר סטעידזש, גיט איבער, האט די רייזענדע טרופע שוין ביז איצט געשפילט דריי וואכען אין פילאדעלפיע, דריי וואכען אין באסטאן און זעקס וואכען אין שיקאגא. אין שיקאגא איז דער פארלאנג פאר טיקעטס געווען אזוי גרויס אז מען האט דארט געקענט שפילען דעם גאנצען זומער. אבער איבער די פריער געמאכטע ענגעידזשמענטס האט מען עס ניט געקענט טאן.

אין ניו יארק אין לעיבאר סטיידזש, וואו „פינס ענד נידעלס" ווערט שוין אויפגעפירט פאר די לעצטע נײן מאנאטען, ווערט די אויסערגעווינליכע ארבייטער טעאטער שטיק נאך אלץ געשפילט פאר פולע הייזער. דעם 12טען איז „פינס ענד נידעלס" אויפגעפירט געווארען אין ניו יארק צום 800טען מאל. די שפילער האבען ביי דער געלעגענהייט ארגאנזירט א פארטי פאר זיך אויף דער סטיידזש פון טעאטער.

GERECHTIGKEIT
A LABOR JOURNAL
Published every month by the
International Ladies' Garment Workers' Union

Office of Publication:
718 Bergen Ave., Jersey City, N. J.
General Office:
3 West 16th St., N. Y. C. Tel. WAtkins 9-6868

DAVID DUBINSKY, President
and General Secretary-Treasurer
DR. B. HOFFMAN, Editor

Subscription price, paid in advance, $1.00 per year.

Vol. XX. No. 8 [illegible] August, 193[illegible]

Entered as Second Class Matter, August 7, 19[illegible] at Post Office at Jersey City, N. J., under the Act of August 4, 1912. Accepted for mailing at special rate of postage, provided for in Section [illegible], Act of Oct. 3, 1917, authorized on Jan. [illegible]